דער טונקעלער

# איך לאַך פון אייך

הומאָרעסקן

סצענקעס

גראַמען

פאַרלאַג „ביכער״

ווארשע 1931

# אינהאַלט:

# דאָס געשענקטע בוך.

צוליב אַ געשעפטלעכן ענין האָב איך פאַרבלאָנדזשעט אין אַ קליין שטעטל אין האָלאַנד. ז ג ר י ל הייסט דאָס שטעטל. אַ שעה רייזע פון אַמסטערדאַם.

אַ פרעמד שטעטל. אַזוי פרעמד, אַז עס איז מיר געווען אַ חידוש, ווי־אַזוי מענטשן האָבן זיך אַהין פאַרקליבן און ווי־אַזוי זיי וואוינען דאָרט.

אין דעמדאָזיגן שטעטל האָב איך זיך באַדאַרפט באַגעגענען מיט אַ פערזאָן. די פערזאָן האָט אָבער פאַרשפּעטיגט. זי וועט קומען ערשט אין אַ פּאָר טעג אַרום.

אויסנוצנדיג די צייט, האָב איך באַשלאָסן דערווייל איבער־צוכאַפּן זיך אויף אַ טאָג קיין אַמסטערדאַם. אינדערפרי וועל איך מיר אַרויספאָרן, וועל מיר אַרומשלעפּן זיך דאָרט אין די גאַסן, אָנ־קוקן די הויפּט־שטאָט פון האָלאַנד, אָנקוקן די מוזעאומס און אַנ־דערע זעענסווירדיגקייטן, איינקויפן דאָרט טשעקאַווע קלייניגקייטן.— און אין דעמזעלבן אָוונט וועל איך קומען צוריק קיין זגריל.

בין איך אויפגעשטאַנען אינדערפרי, גענומען די נויטיגע חפצים, וואָס מען באַדאַרף האָבן ביי אַזאַ אויספלוג: אַ האַנטוך. אַ שטיקל זייף, מיין פיל־פעדער, מיין נאָטיץ־ביכל, אַ ביכל צו לעזן, אַ זאַ־פּאַסאָון קאָלנער, אַ לאָרנעטקע, אַ ציין־בערשטל, אַ פּאָר נאָז־טיכ־לעך, מיין פּאָרטסיגאַר מיט פּאַפּיראָסן, שוועבעלעך — דאָס אַלץ האָב איך אָנגעפּאַקט אין מיינע 37 קעשענעס. גענומען דעם רעגנ־מאַנטל אויפן לינקן אָרעם, דעם שירם אונטער דער רעכטער פּאַכ־װע און בין אַוועקגעפאָרן קיין אַמסטערדאַם.

מבֿינים טוריסטן זאָגן, אַז עס איז נישטאָ קיין גרעסער פאַרגעניגן אויף אַ רייזע, ווי אַרומצוגיין אין אַ ווילד־פרעמדער שטאָט, וווּ קיינער קען דיך נישט און דו קענסט קיינעם נישט, און אַזוי זיך לאָזן אומשלענדערן, אַנקוקן, זוכן, באַאָבאַכטן, בלאָנדזשען, סתּם אַזוי־זיך, אויף גאָטס באַראָט.

אַזוי האָב איך געטאָן. אַראָפּ פון וואָקזאַל און געלאָזט זיך איבער די אומבאַקאַנטע אַמסטערדאַמער פּלעצער, גאַסן, זאַוואולקעס, מערק, וואָרן־הייזער, פאַרקראָכן אין די מוזעאומס. דאָ און דאָרט עפּעס איינגעהאַנדלט: אַלבאָמען מיט אָנזיכטן פון אַמסטערדאַם, סובערנירען, אַ פּאָר קראַוואַטן, אַ שטעקעלע, אַ פּאָר הילצערנע פּישער־שיכלעך, אַ מושל־קאָפּ פון אויסערגעוויינלעכער גרויס, אַן אַש־בעכער מיט אַ בילד פון אַמסטערדאַמער האַפן, אַ רייזע־היטל, אַ וועגווייזער איבער אַמסטערדאַם און אומגעגנט מיט אַ פּלאַן און נאָך אַ סך פּעקלעך, וואָס איך האָב אָנגעפּאַקט אין די אַזוי אויך אָנגעפּאַקטע קעשענעס, אָנגעהאָנגען אויף די קנעפּלעך, אַזוי אַז איך בין געוואָרן געשוואָלן, ווי אַ באַרג.

מיטאָג־צייט בין איך שוין געווען מיד. מיד פון אַרומשלעפּן זיך איבער דער שטאָט, מיד פון דער גרויסער צאָל זאַכן, וואָס האָבן אָנגעפּילט און געשפּאַרט פון אַלע מיינע קעשענעס, וואָס איך האָב געהאַלטן אין די הענט, וואָס זענען געהאָנגען אויף מיינע קנעפּלעך, און האָב באַשלאָסן גיין צום וואָקזאַל און פאָרן צוריק קיין זגריל אויף מיטאָג.

איך שטעל די ערשטע שריט אויפן וועג צום וואָקזאַל. ערשט עס פאַרלויפט מיר דעם וועג עפּעס איינער אַ לאַנגער פאַרשוין מיט אַ טעקע אונטערן אָרעם, שטעלט זיך אוועק קעגן מיר מיט זיין גאַנצן פּראָנט, ווי אַן אויסגעבויגענער לאַמטערס, און פרעגט מיט אַ ווייבערשער שטים:

— פאַרצייען זי, זיינד זי ניכט די פּערזאָן, די דער טונקעלער הייסט?

— יאָ.

— און מיך ערקענען זי? איך האָבע זי זאָפאָרט ערקאַנט. ערקענען זי מיך?

— ניין.

— איך בין דאָך שוועמעל. ערינערן זי זיך דעם עקסטערן שוועמעל. מיר וואָרען צוזאַמען אין ווילנאַ. מיר וואָהען זאַגאַר בעד־פּריינדהעט.

— אַ־אַ־אַ! — האָב איך אים ווירקליך דערקענט. — דאָס איז טאַקע שוועמעל. מנחם שוועמעל דער עקסטערן. אין ווילנע זענען מיר געווען צוזאַמען. דערזעלבער שוועמעל. דיזעלבע בעלמע אויפן לינקען אויג, דיזעלבע ווייבערשע שטים. דאָסזעלבע אויסגעצויגענע ציגן־פּנים מיט זיין שופּר־נאָז, דערזעלבער לאַנגער האַלז מיטן שפּיציגן קנאָפּ. איצט האָט ער נאָך באַקומען אַ שפּיציג בערדל, וואָס דאָס מאַכט זיין פּנים נאָך מער ציניש, מער מעפיסטאָפעליש. דערזעלבער לאַנגער מיט דעם הונדער־אויסגעבויגענעם רוקן, און מיט אַ פּאָר לאַנגע דאַרע אויסגעקניטע פיס, וואָס ציען זיך דירעקט פון פּלייצע. אַ פיגור, וואָס ווען איך שטעלט־אונטער אַ פּינטל, איז עס אַ ריכטיגער פראַגע־צייכן.

— זענט איר גאָר ביי אונז אין האָלאַנד! — האָט ער שוין גערעדט פּראָסט ליטוויש.

— יאָ, איך בין אין זגריל. איך בין געקומען געשעפּטלעך אויף אַ פּאָר טעג. דערווייל האָב איך זיך אויף אַ פּאָר שעה אַריבערגעכאַפּט קיין אַמסטערדאַם, אָנקוקן עס.

— זייער גוט, זייער גוט! — האָט ער געריבן די דאַרע הענט.— אַזאַ באַגעגעניש פּאַסירט לויט דער סטאַטיסטיק אפשר איינס אויף אַ מיליאָן. מנאַ. איך וועל שוין אייך נישט אַוועקלאָזן. איר מוזט גיין מיט מיר אויף מיטאָג. איך האָב שוין דאָ אַ ווייב מיט אַ היים. איר וועט ביי מיר זיין אַן אָנגעלייגטער גאַסט. מיין ווייב וועט זיך אַזוי פרייען. וואָס הייסט, אַ יוגנט־פריינט! סטאַטיסטיש גענומען, פאַלט־אויס אַזאַ יוגנט־פריינט איינער אפשר אויף דריי מיליאָן.

איך בין זיך מודה ומתודה, אַז עס האָט מיך זייער געפרייט דידאָזיגע איינלאַדונג. די פּערספּעקטיוו, אַז איך וועל באַלד זיין אין אַ הויז און וועל זיך אָפּרוען פון דעם גאַנצן טאָג אַרומגיין אויף די פיס און אַז איך וועל מיר אַביסל אויסלאָדעווען פון דעם גאַנצן באַגאַזש, האָט מיך זייער געלאָקט און איך בין געגאַנגען.

— זענט איר נאָר אין האָלאַנד, — האָט ער געפרעגט ביים מיטאָג, טונקנדיק אין טעלער זופּ זיין קורצזיכטיקע נאָז. — איר נעדענקט, ווי מיר ביידע האָבן זיך גלייכצייטיק געלאָזט פאָרן קיין אַמעריקע. איר זענט טאַקע אַוועקגעפאָרן, און איך בין געבליבן שטעקן אין אַמסטערדאַם. עס האָט מיר אויסגעפעלט די אַפּותיקא צו פאָרן ווייטער... אָבער איך האָב קיין חרטה נישט. איך האָב מיך דאָ נישט שלעכט איינגעאָרדנט. סטאַטיסטיש גענומען, איז מיין עקאָנאָמישע לאַגע 2 צו 100. איך אַרבעט דאָ אין דעם קעניגלעכן ביוראָ פאַר סטאַטיסטיק. איך בין דאָ דאָקטאָר פון סטאַטיסטיק. דעם דאָקטאָראַט האָב איך באַקומען פאַר מיין דיסערטאַציע. איך האָב עס אַרויסגעלאָזט אין אַ בוך־פאָרם אויף האָלענדיש אין צוויי טיילן. דאָס בוך האָט געהאַט ערפאָלג. אַזאַ ערפאָלג פאַלט־אויס אפשר אויף איין בוך פון טויזנטער. אַט וועל איך עס אייך גלייך ווייזן. איך וויל טאַקע אייך אויך שענקען אַ בוך אַלס אָנדענקן.

ער האָט אָפּגעווישט דאָס מויל מיט דער סערוועטקע, איז צוגעגאַנגען צו דער שאַפע, אויף וועלכער עס איז געלעגן אַ גרויסער באַרג פון פריש־בראָשירטע ביכער אין רויטע הילעס. ער האָט אַרויסגעשלעפּט צוויי בענדער און מיר עס אונטערגעטראָגן. דאָס טיטל־בלאַט איז מיר געווען פרעמד און נישט־פאַרשטענדלעך, נאָר ער האָט עס מיר איבערגעזעצט: „מאַטעריאַלן צו סטאַטיסטיק וועגן בויך־טיפוס צווישן די נידערלענדישע שבטים אין פריסטן מיטלאַלטער". דאָס בוך איז געווען פול מיט ציפערן, טאַבעלן, דיאַגראַמען.

— זאָל איך אייך שענקען די צוויי טייל פון מיין בוך?

— אַ—אַך! מיטן גרעסטן פאַרגעניגן. עס וועט ביי מיר זיין די טייערסטע מתנה! — האָב איך געזאָגט מיט פרייד.

— שטייט־זשע. איך וועל אָנשרייבן אַ ווידמענונג.

ער האָט אַרויסגענומען זיין פיל־פעדער און אָנגעשריבן אויפן ערשטן זייטל פאָלגנדע שורות:

„פריינט! געדענק די סטאַטיסטיק.
עס איז די מוטער פון וויזהייט"

א מתנה צום אָנדענקען פֿון
אונזער בעגעגעניש א. אַ. וו.
דר. שוועמעל".

ער האָט זיך צוריק אויפֿגעשטעלט אין זיין גאַנצער לענג, האָט גענומען די ביידע בענדער און מיט אַן אויסערגעוויינלעכן פֿייערלעכקייט, האָט ער מיר זיי אונטערגעטראָגן. שעסט פֿון אַ היספּאַנישן גראַנד, וואָס טראָגט־אונטער בלומען זיין דאַמע, האָט ער מיר זיי אונטערגעטראָגן.

— ביטע!

איך בין אויך אויפֿגעשטאַנען און מיט אַ נאָך מער פֿייערלעכן זשעסט האָב איך די מתנה עמפּפֿאַנגען.

— דאַנקע.

און אין האַרצן האָב איך געטראַכט: וואו וועל איך זיך אהינ־טון מיט די צוויי ביכער, אַז קוים וואָס איך קאָן מיך אַן עצה געבן מיט מיינע אייגענע פּעקלעך!

נאָך מיטאָג האָבן מיר זיך פֿריינטלעך צעזעגנט, און איך האָב מיט גרויס מייסטערשאַפֿט געפּרוווט פֿאַרגעסן די ביכער אין פֿאַ־דער־צימער. נאָר באַלד האָב איך דערהערט דעם דאָקטאָרס שטים. ער איז מיר נאָכגעלאָפֿן אויף די טרעפּ און געשריגן:

— די ביכער! די ביכער! איר האָט פֿאַרגעסן די ביכער.

— אַי, אַי, אַי!.. — האָב איך מיך אַ כאַפּ געטאָן. — אונ־טערוועגס איז מען אַזוי צעשטריייט. און אגב לייד איך לעצטנס אויף אַ זכרון־מאַנגעל.

— דאָס שאַדט נישט. דאָס שאַדט נישט! — האָט ער מיך באַרויִקט און אַריינגעשפּאַרט מיר די ביכער אונטערן פּאַכווע. — אייער צעשטריייטקייט ווייזט, אַז איר זענט אַ גייסטיקער מענטש. וואָס איז פֿאַרנומען מיט זיינע געדאַנקען. די סטאַטיסטיק באַווייזט, אַז די צאָל פֿון צעשטריייטע הערשט צווישן די אינטעלעקטואַליסטן אין דער געגנגעזעצטער פּראָפּאָרציע...

אַ ברירה האָב איך געהאַט. איך האָב געכאַפּט די ביכער, ווי מען כאַפּט אַרויס אַ קינד פֿון אַ שׂרפֿה, און בין אַוועק.

איך בין געגאַנגען, ווי אַן אָנגעלאָדענער אייזל, מיט די אָנגע־פּילטע קעשענעס און אָנגעהאָנגענע פּעקלעך און שאַכטלעך. איצט

האָב איך נאָך באַדאַרפט שלעפן עפּעס 2 בענדער וועגן סטאַטיסטיק פון בויך־טיפוס אויף האָלענדיש.

איך האָב געפּרוווט פאַמעלעכן, „נישט־ווילנדיג", אַרויסלאָזן די צוויי ביכער אויפן ברוק און זיך געלאָזט גיין; נאָר באַלד איז מיט אימפּעט מיר נאָכגעלאָפן אַ גאַסן־פּאַרקויפער פון שוועבעלעך און בלייפעדערס און האָט מיר געשטופּט די ביכער אין האַנט אַריין, עפּעס זאָגנדיג אויף האָלענדיש און אויסשטרעקנדיג זיין האַנט. איך האָב אים דערלאַנגט עטלעכע מטבעות און בין ווייטער געגאַנגען.

איך בין אַריין אין פּאַרק, זיך צוגעזעצט אויף אַ באַנק און שטילינקערהייט בגנבה געפּרוווט די ביכער איבערלאָזן אויף דער באַנק. נאָר באַלד האָט מיך אָנגעיאָגט דער פּאַרק־וועכטער, מיר דערלאַנגט די טייערע מציאה און אויסגעשטרעקט די האַנט.

איך האָב אים געגעבן עטלעכע מטבעות און בין ווייטער געגאַנגען. נאָכדעם האָב איך מיך פאַרקליבן אין אַ פאַרוואָרפן געסל, געפּרוווט אַראָפּלאָזן זיי, די ביכער, אין אַ קאַנאַל. נאָר אַ שיפער האָט זיי מיט גרוים בריהשקייט אַרויסגעראַטעוועט און מיר עס אָפּגעגעבן. איך האָב אים דערפאַר האַרציג געדאַנקט מיט אַ צולאָג פון אַ פּאָר מטבעות טרינק־געלט.

איך האָב שוין פאַרלוירן די האָפנונג פּטור צו ווערן פון דעם אָנשיקעניש. איך האָב געטראַכט, אַז אויב איך וועל אַזוי אַלע ווייליע האַלטן אין פאַרלירן די ביכער, וועל איך בלייבן אָן אַ פּרוטה אין קעשענע — און בין אַזוי ווייטער אַוועק, בויגנדיג זיך אונטערן יאָך פון מיינע חפצים.

איך בין געקומען אויף דער יידן־שטראַסע. עס איז געווען זומערדיג פאַרנאַכטלעך. די זון איז אונטערגעגאַנגען מיט דערזיעלבער פּראַכט, ווי זי גייט־אונטער אויף אַלע יידישע גאַסן און געטאָס פון דער גאַנצער וועלט. אַזוי גייט־אונטער די זון אויף גענשע גאַס, אויף דזיקע גאַס אין וואַרשע, העסטער סטריט אין ניו־יאָרק און אַנדערע יידישע געטאָס. אַרבעטער זענען געגאַנגען פון דער אַרבעט, אָנגעשטעלטע פון די געשעפטן. קינדער זענען אַרומגעלאָפן און זיך געפּלאָנטערט אונטער די פיס. אייניגע האָבן געשפּילט אין געיעגאַכץ, אַנדערע האָבן געטאַנצט אונטער די קלאַנגען פון אַ מוזיק־קאַסטן.

וואָס אַן אַלטע האַלענדערין האָט געדרייט. עס איז געווען ייִדישלעך־רעש'יג, הגם די געשרייען און די קללות זענען געווען גאָר אויף אַ פרעמד לשון.

אינצווישן האָב איך דערזען אַ כוואַטסקע ייִדענע אין אַ שייטל און אין אַ צעראַטענעם שירץ. זי איז געשטאַנען, האָט פאַרקויפט פון אַן עמער פּישלעך אַזעלכע פון דער משפּחה הערינג און עפּעס געררופן אויף האָלענדיש. ארום האָט זיך געקליבן אַ המון פון קונים. פאַר יעדן קונה פלעגט די ייִדענע אַרויסכאַפּן אַ הערינג פון עמער, געגעבן עס אַ שייל־אָפּ פון רעכטס און פון לינקס, ווי מען שיילט־אָפּ אַ באַנאַנע; און אַז דער הערינג פלעגט בלייבן נאַקעט און גאָלע, ווי די מאַמע האָט אים געהאַט, מיט זיין גאַנצן גלאַנציגן פעטס אין הרויסן, פלעגט זי עס געבן אַ טונק־אָפּ, ווי גרויס עס איז, אין אַ שיסל אָנגעבראָקטע ציבעלעס, אַזוי אַז דער הערינג פלעגט ווערן אַרומגע־פּיקט מיט ציבעלע, ווי אַ שטיק פליגן־פּאַפּיר מיט פליגן אין אַ הייסן זומער־טאָג.

דאַן פלעגט דער קונה נעמען דעם הערינג פאַרן עק, אויפהויבן עס, ווי אַ הענגל טרויבן, איבערן מויל, אונטערבויגן דעם קאָפּ, צו־האַלטן דאָס הימל און אַזוי עסן עס מיט גרויס אַפּעטיט.

מיר האָט פאַרשמעקט דערדאָזיגער דעליקאַטעס און כ'האָב גע־וויזן, אַז זי זאָל מיר דערלאַנגען אַזאַ פּאָרציע. איך האָב אָבער נישט געהאַט קיין חשק צו עסן דאָס טאַקע דאָ „נאַ פּאַטשעקאַניע" און האָב געוויזן, זי זאָל עס מיר איינפּאַקן אין פּאַפּיר, כדי איך זאָל עס קאָנען מיטנעמען קיין זוגריל. די ייִדענע האָט אָבער נישט געהאַט קיין פּאַפּיר. זי האָט עס נישט געדאַרפט אויך, מחמת ס'רוב קונים עסן דערמדאָזיגן מאכל אויפן אָרט.

דאָ האָב איך זיך דערמאָנט אויף די צוויי ביכער. איך האָב אויסגעריסן אַ פּאָר הינטערשטע בלעטלעך (על־כּל־פּנים האָב איך האָך געהאַט אַזוי פיל פּיעטעט צו די ביכער, כדי נישט צו רייסן קיין בלעטלעך פון פאָרנט דאָרט, וואו די דעדיקאַציע געפינט זיך). די ייִדענע האָט איינגעוויקלט דאָס צוויבל־הערינג אין די בלעטלעך, געמאַכט אַ ניי פּעקל און אָנגעהאָנגען מיר אויף דעם איינציגן פרייען קנעפּל, וואָס האָט זיך געבאַמבלט אויף מיין רעגן־מאַנטל. אויס

דאנקבארקייט האב איך איר איבערגעלאזן די צוויי ביכער א מתנה. מנא, זאל זי האבן פאפיר צו וויקלען הערינג — און זאל איך פטור ווערן פון א צוטשעפעניש.

מיט א גרינג געמיט און אויך מיט א גרינגערן באגאזש בין איך אוועק צום וואקזאל. נאר מיין צוג איז שוין געווען אוועקגעגאנגען. צוליב דעם באלעמוטשעניש מיט דעם הערינג האב איך פארשפעטיגט דעם צוג. א צווייטער צוג גייט ערשט אין א שעה־ארום.

מילא־מאי, בין איך ווידער אוועק איבער דער שטאט. וויל איך אנזען די שטאט, ווי זי זעט־אויס אין אוונט. דא און דארט האבן זיך אנגעהויבן צינדן לאמפן עלעקטרישע, שילדן, טראמווייען.

איך בין געגאנגען וואו די אויגן האבן מיך געטראגן; אמ־מייסטן צו די צענטרן פון שטאט, וואס האבן זיך צעשפילט מיט א גרעסערער שפע ליכט. דאס זענען געווען די באלעבאטסטע ארטעריען־גאסן און פארוויילונגס־פלעצער.

אויף דעם רעמבראנד־פלאץ האב איך ווידער דערהערט א באַ־קאנטע ווייבערישע שטים, וואס רופט מיך. איך קער זיך אום — ער, דער דאקטאר שווימער.

— איר זענט נאך גאר נישט געפארן? — האט ער געפרעגט.

— ניין, איך האב פארשפעטיגט דעם צוג.

— פארשפעטיגט דעם צוג? — האט ער איבערגעחזרט. — סטאטיסטיש פארשפעטיגן מענטשן דעם צוג איינער אויף 8 טויזנט 7 הונדערט מיט איינס. ווען־זשע האט איר ווידער א צוג?

— ערשט אין א שעה ארום.

— איז דאך אויסגעצייכנט! טא קומט, וועלן מיר גיין צו מיר אויף אוונט־ברויט. האב איך א הערינגל, הערט איר, איז עס א ברכה צו מאכן! עכטער אמסטערדאמער! לויט דער סטאטיסטיק פאלט־אויס אזא הערינג איינער אויף 110. ביי אייך אין פוילן זעט מען גארנישט אזעלכע הערינג. אז עס איז באשערט צו טרעפן זיך נאכ־אמאל — קומט, וועלן מיר עסן וועטשערע. אביסל פארברענגען. נאך וועטשערע האב איך פרייע צייט, איך וועל אייך באגלייטן צו דער באן.

איך האב ווידער מסכים געווען. שוין בעסער צו זיצן די שעה

צייט אין אַ הויז, איידער אַרומצישלעפּן זיך איבער די גאַסן, בפרט אַז איך האָב שוין גאָר קיין כּוח נישט.

דאָס ווייב האָט דערלאַנגט צום טיש דעם באַרימטן הערינג, דער דאָקטאָר האָט געשטופּט מיטן גאָפּל אין הערינג, געלייגט אין מויל און געפּרעגט, קוקנדיק מיט זיינע קורצזיכטיקע ברילן אויף די שפּיצן גאָפּל:

— און וואו זענען עפּעס מיינע ביכער?

— וואָס הייסט וואו? זיי זענען דאָ. — האָב איך בלומרשט גענומען טאַפּן צווישן מיינע פּעקלעך אין די טאַשן.

— אומזיסט אייער טרחה! — האָט ער געענטפערט, אַנשטענדיק אויף מיר אַ ציניש־מעפיסטאָ־פּנים: — איר האָט זיי פאַרלוירן.

— וואָס הייסט איך האָב זיי פאַרלוירן! אַז איך היט זיי, ווי דאָס שוואַרצאַפּל פון אויג.

— אָך. זענט איר אַ צושטרייטער מענטש! — האָט ער געזאָגט מיט אַ פריינטלעכן פאַרוואורף. — איר האָט זיי וואַרשיינלעך פאַרלוירן און עמיצער האָט זיי געפונען און עס איבערגעגעבן אַ הערינג־ייִדענע.

איך האָב דערפילט, אַז עפּעס האָט זיך מיר אָפּגעריסן פון מיין אינגעווייד. איך האָב פאַרלוירן דאָס לשון, נאָר אַ נס: ער האָט סיי־ווי אַליין גערעדט.

— עס איז דיר אַ שיינער צופאַל, — האָט ער געזאָגט. — אַזאַ צוזאַמענטרעף פון צופאַלן טרעפט אפשר לויט דער סטאַטיסטיק איינמאָל אויף אַ מיליאָן. דאַרף איך דווקא גיין פאַרביי אַ הערינג־ייִדענע און עס דאַרף זיך מיר דווקא פאַרוועלן קויפן אַ הערינג אויף וועטשערע. איך גיב אַ קוק — עס ליגן ביכער. איך וואָלט שווערן — באַקאַנטע ביכער. איך עפן־אויף — מיינע ביכער, „די סטאַטיסטיק פון בויך־טיפוס ביי די נידערלענדישע שבטים אין מיטלאַלטער“. די־זעלבע ביכער, וואָס איך האָב אייך צו מיטאָג געגעבן במתנה, אפילו די דעדיקאַציע מיט מיין אונטערשריפט געפינט זיך דאָרט. מער נישט, צום סוף פעלן עטלעכע בלעטלעך. איר ווילט זען? — אָט זענען זיי.

ער האָט אויפגעוויקלט אַ פּעקל און געוויזן מיר די צוויי בענדער.

ווען מען ווייזט אין געריכט דעם מערדער זיין פאַרבלוטיגט מעסער, איז אים אפשר נישט אזוי שרעקלעך, ווי מיר בשעת דער קאָנפראָנטאַציע מיט די דאָזיגע ביכער.

— אוואַ! אוואַ! ווי אזוי האָב איך עס געקאָנט פאַרלירן! אַזאַ צעשטרייטער מענטש בין איך. איך בין דאָך וועדט, הערט איר. מען זאָל מיך פּערטלען... איך בין אַן אומגליקלעכער מענטש! מיין צעשטרייטקייט וועט מיך נאָך אמאָל אומברענגען!.. — האָב איך פּריציטיוועט, געקלאָגט און פאַרבראָכן מיט די הענט, ווי נאָך אַ ברמינן.

— אָבער פאַרצווייפלט דאָך נישט אזוי! — האָט ער מיך בעטרייסט. — אָט, ווי איר זעט, וועלן מיר פאַרריכטן דאָס אומגליק! אָט נעם איך און גיב אייך אַנדערע צוויי ביכער, און נישט נאָר צוויי, נאָר גאַנצע פיר, פיר בענדער, ווי די בערן. צוויי ביכער צו צוויי טייל. עס וועט זיין, ווי ביי יעקב אבינו: אויב איין מחנה וועט צעשלאָגן ווערן, וועט בלייבן די צווייטע אַ פּליטה. אויב איר וועט צוויי בענדער ערגעץ פאַרלירן, וועלן אייך איבערבלייבן אַנדערע צוויי בענדער.

ער האָט ארויסגעשלעפּט פון דעם באַרג ביכער אַנדערע פיר עקזעמפּלאַרן און זיך אוועקגעזעצט שרייבן דעדיקאַציעס.

אויף איין בוך האָט ער אויפגעשריבן:

„מיין קינד פון מיין געבורט
שענק איך דיר היינט.
מיין פרוכט פון סטאַטיסטיק
שענק איך מיין פריינט“.

אויף דעם צווייטן בוך האָט ער אויפגעשריבן:

„אַ באַרג מיט אַ באַרג באַגעגענען זיך נישט, אַ מענטש
מיט אַ מענטש באַגעגענען זיך יאָ“.
ד"ר פון סטאַטיסטיק שוועמעל“.

האָב איך שוין, געלויבט גאָט, צום רומל פיר בענדער. און כדי איך זאָל די ביכער נישט ערגעץ-וואו איבערלאָזן אָדער פאַרגעסן,

האט דער דאקטאר, ביים ארויסבעגלייטן מיך, ארייגעשטופט זיי מיר אונטער דער פאכווע און באגלייט מיך ביזן וואקזאל. איך בין געגאנגען, ריכטיגער: נישט געגאנגען, נאר גערוקט זיך, ווי א הילצערנע יריד־בודע מיט סחורה.

גיי איך און טראכט: רבונו של עולם, וואס איז דאס אויף מיר אן אנשיקעניש מיט ביכער! וואס דארף איך האבן פיר ביכער פון סטאטיסטיקעס פון בויך־טיפוס אויף האלענדיש! אזוי פיל מענטשן פארן, גייען און קיינער טראגט נישט מיט זיך קיין ביכער מיט סטאטיסטיקעס. זאל איך נור ארייננקומען אין וואגאן, וועל איך מיט זיי זיך שוין אן עצה געבן.

הכלל, איך זיץ שוין אין וואגאן און פאר קיין זגריל.

זייער שווער איז מיר אנגעקומען אין די אויגן פון די פאסאזשירן ארויפצולאזן די ביכער אונטער דער באנק. שטילערהייט, בגנבה, האב איך זיי פאררוקט מיטן פוס. און ווען דער צוג איז אנגעקומען קיין זגריל, האב איך מיך געלאזט לויפן, ווי אן אטענטאטאר, וואס האט נאר־וואס אונטערגעלעגט א באמבען־קנויטל.

אויף מארגן נאך מיטאג ברענגט מיר דער פאסט־טרעגער א בריוו מיט א גרויסן פאקעט און בעט צוצאלן הריי גולדן. מיין איך, אז דאס איז עפעס א געשעפטלעכער פאקעט פון מיין מענטשן, וואס איך ווארט אויף אים, צאל־איין די דריי גולדן און עפן דעם בריוו.

אין בריוו שטייט געשריבן:

„געערטער פריינט! אייער צעשטרייטקייט איז באמת פענאמענאל. עס שטייגט־איבער יעדע סטאטיסטיק. איר האט די ביכער פארגעסן אין וואגאן, און היות ווי דארט געפינט זיך דער אדרעס פון ארויסגעבער, וואס דאס בין איך, האט די באן־דירעקציע אפגעשיקט די ביכער צו מיר. ווייסנדיק, ווי טיף איר ליידט פון דעם פארלוסט, שיק איך אייך צו א נײַ פעקל פון הריי ביכער: פון יעדן בוך צו צוויי טייל. האבן מיר א קימאַ־לן 6 בענדער. אויף יעדן באנד א באזונדער רעדיקאציע. נעמט־צו די דאזיגע בעשיידענע קליינע מתנה פון מיר, און זאל עס זיין אן אנדענקונג פון אונזער באגעגעניש אין האלאנד.

אייער ערגעבנסטער דר. שוועמעל ד"ר פון סטאטיסטיק".

האָב איך שוין איצט, קיין עין־הרע, 3 ביכער, דאָס הייסט זעקס בענדער! עס איז דיר אַ שיינע מעשה, — טראַכט איך, — עס איז גאָר שלום־עליכמס מעשה מיטן „דייטש“... נאָר, מילא, זאָלן זיי דאָ ליגן אין עושר און כבוד. איך בין דען מחויב זיי מיטצונעמען אַהיים? איך וועל זיי ערגעץ אין האָטעל פאַרשטעקן הינטערן שפּיגל, אויפן אויוון, אין וואַנע־צימער. איך וועל שוין געפינען אַן אָרט — און וועל שוין אָוועקפאָרן אָן זיי.

אַזוי האָב איך געטון. אויף מאָרגן בין איך שוין געזעסן אין צוג, וואָס האָט מיך געפירט קיין וואַרשע. איך האָב זיך עטלעכע מאָל אַרומגעקוקט אַרום מיר. געמיינט אַלץ, אַז די ביכער ליגן נעבן מיר. נאָר, געלויבט השם יתברך, די ביכער זענען נישט געווען.

געקומען אַהיים. אַוועק אַ טאָג, צוויי, אַ וואָך, אַ צווייטע. שוין גאָר פאַרגעסן פון דער גאַנצער געשיכטע, מיט די ביכער, מיט די סטאַטיסטיקעס, מיט דעם דר. שוועמל. ערשט עס קומט מיר אָן אַ פּאָוויעסטקע פון פּאָסט, איך זאָל קומען אָפּנעמען אַ פּעקל קעגן אָפּצאָל פון 23 זלאָטעס.

וואָס קאָן עס זיין פאַר אַ פּעקל? עס קאָן זיין, אַז דאָס איז די סחורה אויף אַן אַנצוג, וואָס אַ באַקאַנטער פאַבריקאַנט פון לאָדזש האָט מיר צוגעזאָגט שיקן במתנה. עס קאָן זיין, אַז דאָס איז די יידישע שרייב־מאַשינקע, וואָס איך האָב אויסגעשריבן פון ניו־יאָרק. עס קאָן זיין, אַז דאָס איז עפּעס אַ פּעקל פאַר מיין ווייב.

אַ גאַנצע נאַכט האָב איך דעם קאָפּ געבראָכן, נישט געקאָנט איינשלאָפן. אויף מאָרגן באַגינען בין איך שוין געווען אויף פּאָסט, כ'האָב איינגעצאָלט די 23 זלאָטעס און באַקומען דעם פּאַקעט. אויפגעוויקלט — ביכער! דיזעלבע ביכער פון דר. שוועמל וועגן דער סטאַטיסטיק פון בויד־טיפוס אויף האָלענדיש.

דערביי איז געלעגן פאָלגנד בריוועלע:

„טייערער פריינט,

ווי יעדער אינטעלעקטואַליסט און גייסטרייכער מענטש, זענט איר צעשטרייט. נאָר אייער צעשטרייטקייט איז ממש אַ זעלטנהייט; דאָס באַווייזט, אַז איר זענט נאָך מער גייסט־מענטש, ווי איך האָב גערעכנט. און דאָס איז וויתקלעך, אפילו לויט די לעצטע סטאַ־

מיסטישע אויסרעכנונגען, א פענאָמענאַלע דערשיינונג. איר האָט מיינע ביכער ווידער פאַרגעסן. דאָסמאָל אין האָטעל אין זגריל. דער האָטעל־אייגנטימער, געפינענדיג זיי פאַרשטעקט אין מאַטראַץ פון בעט און געפינענדיג דאָרט מיין אַדרעס אויפן שער־בלאַט, האָט זיי מיר אָפּגעשיקט קיין אַמסטערדאַם. מיטפיהלנדיג אייערע מאָראַלישע לײדן פון דעם פאַרלוסט, שיק איך אייך ווידעראַמאָל מיינע ביכער שוין גאַנצע פיר שטיק. צוזאַמען אַכט בענדער. איצט, אַז איר זענט שוין ביי זיך אינדערהיים, אין אייער נעסט, וועט איר זיי, האָפנטלעך, אין־ערנעץ ניט פאַרגעסן, און איך האַלט, אַז מיין ווערק אויף האָלענדיש די „סטאַטיסטיק פון בויך־טיפּוס ביי די נידערלענדישע שבטים אין פריסטן מיטלאַלטער" וועט ווערן אייער טיש־בוך, וואָס עס וועט זייער פרייען אייער גוטן פריינט,

דעם ד״ר פון סטאַטיסטיק, דר. שוועמעל".

פּ. ס. אגב אורחא קאָן איך אייך אָנזאָגן אַ בשורה, אַז איך בין שוין דרוקן אַ צווייטע אויפלאַגע פון מיין דאָזיגן ווערק, מחמת די ערשטע אויפלאַגע האָב איך שוין אינגאַנצן צעטיילט. אי״ה, פון דער צווייטער אויפלאַגע וועל איך ווידער אַרויסשיקן אייך עטלעכע קאָמפּלעטן ביכער. אַזאַ גוטער פריינט, ווי איר, מעג האָבן פון יעדער אויפלאַגע צו עטלעכע עקזעמפּלאַרן מיטאַמאָל.

ד. ז.

---

איצט, ליבער לעזער, זייט אַ קלוגער און טרעפט: צי איז אָט דער דר. שוועמעל אַ גראַפאָמאַן, אַ טיפּש, אַ פאַרשלעפּטע קרענק און ער מיינט עס מיט אַן אמת, אָדער ער איז דווקא אַ ביטערער חכם, אַ ממזרישער קאָפּ און ער טוט מיר אָפּ אַ שפּיצל?

# וואָס אַקטיאָרן זאָגן וועגן קונסט.

## אַקטיאָר נומער אײנס — אַ קאָמיקער.

### „פון קונסט קאָן מען אויך מאַכן אַ לעבן“.

— הערט זיך צו אײנעט, מײנע טײערע פרײנט און האָבשעצער, וואָס איך וועל אײך זאָגן: טאַלענט מיט לײדנשאַפט זענען געווים אַן אײדעלער פּרעדמעט, און די קונץ אַלײן איז אַחדאי אַן אָרנטלעכע זאַך, וואָס שטאַמט פון דער געטלעכער נאַטור; מען דאַרף אָבער ווײסן, ווי־אַזוי זיך צו פירן מיט אַזאַ דעליקאַטעסן־זאַך. און ווי אַזוי דיזאָזיגע זאַך צו דראַטעווען: עס זאָל ליגן אויפן פּוס, ווי אויסגעגאָסן, און זאָל נישט קוועטשן בײ די פינגער.

איר זאָגט, מײנע ליבע פרײנדע, אַז די „קונץ“ באַצאָלט זיך נישט. ס'איז אַ בלאָף! די געטלעכע קונץ, ווען זי פאַלט אַרײן נישט צו קײן יאָלד אין קאַפּעליוש, נאָר צו אַ פּ'שוין אַ נאַשרבראַט מיט אַ סמיקאַלקע, באַצאָלט זי זיך יאָ און דווקא גראָב באַצאָלט זי זיך. ווי איר זעט מיך אַ לעבעדיגן!

אָט נעמט, למשל־נאַפּשיקלאַד, מיך. איך בין אַן אַקטיאָרשטשיק, אַ בינע־קינצלער, אַ חבר פון דער קונץ־טרופּע „סמיק“ און איך שפּיל דאָרט די טראַוועריגע טראַגעדיעס מיט די קאָמעדיעס מיט די ליטעראַטאַטישע ליטעראַטור, פונדעסטוועגן האָב איך זיך נישט, וואָס צו באַקלאָגן. פּאַרדין מיר, גאָט צו דאַנקען.

ווײסט איר פאַרוואָס? ווײל איך בין נישט קײן יאָלדעוואַטער קינצלער, בין איך מיר אַ מענטשל אַ פּאַך־מאַן. אַ שוסטער בין איך. דאַכט זיך נאָר אַ קינצלער, און פונדעסטוועגן אַ לײטי־

שער בעל־מלאכה. און ווײַבאַלד מען איז אַ לײַטישער בעל־מלאכה, קאָן מען שוין אַפילו פון דער קונץ אויך מאַכן אַ לײַטיש לעבן.

וואָס־זשע טו איך? גאָרנישט טו איך. מען שפּילט טרעאַטער, שפּילט מען. נישמער, איך קלויב מיר אויס אַזעלכע שטיק, וואו עס זענען פאַראַן שוסטער־ראָליען. נעם איך שטענדיג די שוסטער־ראָליע אַרויף אויף דער קאַפּיטע און שפּיל זי מיט דער אמתער סקריפּקע.

אַזוי, למשל־נאַפּשיקלאַד. שפּיל איך אין „אַ קרבן צון אַ שװעס־טער" פון אַנשעל שאָר און „דעם גרינעם מיליאַנער" פון שמ"ר און „קבצן, וואו קריכסטו" פון ליבין, און „מלכה שוואַרצנקאָפּ" פון הלל זלאַטאָפּאָלסקי וכדומה, למשל, אַזעלכע זאַכן מיט שוסטער־ראָלן.

האָט איר געמעגט אָנקוקן מײַן שפּיל. אַ וואַזשנע שפּיל. עס איז נישט געשפּילט, נאָר געקנאַקט! גענומען אַ מאָס, און געקלאַפּט, און געשמירט! אַ שוסטער אַן אַרטיסט. ווי איר זעט מיך אַ לעבעדיגן!

מאָלט אײַך, אַז איך קאָן שפּילן אַ גראַף אויך, אַז מען דאַרף, און אַפילו גענעראַלן און פעלדשערס און אַנדערע פּרינצן און פּיר־שטן און אַפילו אַ קעניג אין אַ קרוין. נאָר אַ שוסטער איז מיר אַ ביסל גרינגער צו שפּילן. צי איך אַ דראַטווע — איז געצויגן אַ דראַטווע; קלאַפּ איך פלעקלעך — איז געקלאַפּט פלעקלעך! לעג איך אַ לאַטע — איז געלעגט אַ לאַטקע! און אַלץ מיט דער אמתער מימיקע און כאַק־טעריזאַציע און מיט דעם אמתן שטאָך מיט דער נאָל.

איך האָב אַפילו פאַרפאַסט אַן אייגן ליד, וואָס איך זינג ביים שפּילן. אַ שלאַגער, זאָג איך אײַך! איר ווילט הערן?

איך האָב טאַלענטע אָן אַ צאָל,

בים!

איך האָב אַן אָרגאַן מיט אַ קול,

באַם!

און אַז איך זע, עס האַלט נאָר שמאָל —

בים!

דאַן אַרבעט איך צו מיט דער נאָל —

באַם!

אַ קיצל אַ „מעשה": איך שפּיל מיר מײַן געטלעכע ־ לע און זינג מיר מײַן טראַווערדיגע ליד, בינה־בינה פאַררעכט איך מיר אַ

פאר שיך. די מוזיק שפילט־צו מיט איר צויבער־פידעלע... די עלעק־טריק מאכט עלעקטרישע עפעקטע... און איך לעג מיר א לאטקע, שלאג מיר אן א פאדקאווע, האק־אונטער „א הופטשיק", במאליע־ארויף א פאר אפצאסן און מאך מיר דערביי א פאר גראשן.

איר פארשטייט? אזא מענטשל בין איך: פון פארנט — קונץ, און פון דער הינטן — מלאכה. עס איז, ווי מען זאגט, געארבעט „צום פאר".

און מיינט איר, אז איך בין א שוסטער א לאטוטניק, א פאר־טאטש? חס וחלילה! איך קאן אייך אויפנייען א ניי פאר שיך צו דער מאס אויך, אויף גומקעס און שנורעוואדלעס, און מעכאניטשנע שיך אויך. איך בין א געגריוועטער שוסטער, בין איך. איך ניי נאכן לעצטן „פאסאן" מיט ברייטע שפיצן און שמאלע שפיצן, מיט פאלשע „ראנטן" און אמתע „ראנטן" און מיט „סקריפקע" און מיט אלע פיטשעווקעס.

און אז באט העלפט, דאס שטיק מיט מיין שוסטער־ראליע איז א שלאגער און עס „רייסט־אן", און עס האלט זיך א לענגערע צייט אויף דער בינע, דעמאלט קלויב איך זיך אריבער אויף דער בינע מיט מיין גאנצן קלאפערגעצייג, מיטן בענקל, מיט די דראטווע, מיט די קאפיטעס, נעם מיר אן באשטעלונגען פון א שוך־געשעפט און ניי מיר שיך.

אנונסטן איז ביי מיר געגאנגען אויף דער בינע א שלאגער „דעם שוסטערס כלה־מויד", דריי חדשים נאכאנאנד, האב איך געהאט גאר א וואזשנעם סעזאן.

פארשטייצעך, אז דאס פאלעק איז אנטציקט פון מיין קונץ, אזוי נאטור־טריי, ווי איך שפיל מיין שוסטער, איז ווייט צו זוכן. „פיסכאלאגיטשנע", נאטורעל שבנאטורעל! נאך יעדן שלום פון אקט טוט זיך חושך. דאס פובליקום עקספלאדירט מיט אן אפלאז און שרייט „ביס". ניי איך ארויס אויף „ביס" איין מאל, א צווייט מאל, און בשעתן „ביסעווען" טו איך ווידער מיין ארבעט. פאר צווייטן „ביסן" לעג איך א לאטקע, מחמת איך בין א גיכער בעל־מלאכה.

אט אזוי, מיינע פריינדע און ליבהאבער, „אי וואלק סיט, אי

קאַזע־מילך"! — אי קונץ שפּילט מען, אי „פינוסע" האָב איך אַ פולע באַליעווע.

די צרה איז נאָר, וואָס גישט אַלע שפּיל־שטיק האָבן אין זיך שוסטער־ראָליען. דאָס רוב שטיק האָבן זיך גראָפן מיט קעניגע מיט פּרינצן מיט אַלע אַנדערע שלעק... מאָלט אייך, אַז איך קען אייך אַוועקלעגן אַ ראָליע פון אַ גראַף אויך, נאָר אַלס שוסטער פיהל איך זיך בעסער. פאַרט מיין „קאַניאַק", מיין קרוין־ראָלע. עס רעדט עפּעס מער צו די געפיהלע פון מיין נשמה.

אגב, זענען ביי אונז אין אונזער קינצלער־טרופּע פאַראַן נאָך „קינצלער" און טאַלענטע, וואָס זענען געוועזענע שניידער, קצבים, קיילער־יונגען, בעלי־עגלות, אי טאַק דאַליע, דאַרף מען זיי דאָך אויך געבן אַ טשאַנס צו שפּילן.

שפּילן מיר אַנדערע שטיק אויך, מיט שניידער און קצבים און בעלי־עגלות, כדי יענע חברים זאָלן אויך קענען באַווייזן זייער בעטלעכן טאַלענט און האָבן וואָס צו קייען.

אַממייסטן שפּילן מיר שטיק מיט שניידער־ראָליען, מחמת געוועזענע שניידער האָבן מיר צוויי. איינער הייסט קנעפּלאַך און דער צווייטער — לעבלקנאָפּ. צוליב זיי שפּילן מיר דעם „גרויסן געווינס", פון שלום עליכם. „קדוש השם", פון שלום אַש, „דעם שניידערס אשת־איש", פון לאַפּסידראַק, „מאָטעל קאַמזויל", פון יענקעל וואַכלאַקלאַקעס, אי טאַק דאַליע, אי טאַק האַליע.

שפּילן זיי טאַקע, די חברה, אויף וואָס די וועלט שטייט. מען סטריגעוועט און מען נייט און מען טרענט און מען פּאַלדעוועט, און זיי מאַכן אויך די פאָר גראַשן. פאַר איין ספּעקאַטקל מאַכט אייבער פּאַרטיג אַ קאַמזשעלקע, און אַ צווייטער אַ פּאָר תחתונים, און חי — מאַכט רש"י: מען שנגרעוועט די אַפּותיקי!

שטעלט אייך נאָר פאָר, אַז פאַרינן ווינטער איז ביי אונז געבאַנגען האָס שטיק „דער גרינער טאַנדעטניק" דריי חדשים נאָכאַנאַנד, האָט לעבלקנאָפּ אויספּיעט פאַר דער צייט איבערצוניצעווען בינף פּאָר הויזן מיט אַ זשופּיצע, איין מאַנטל און צוויי קאָלדרעס.

דער צווייטער, קנעפּלאַך, האָט נאָך געטאָן בעסער: בשעת מ'האָט ביי אונז געגעבן דאָס באַרימטע שטיק „מאָטעל קאַמזויל"

פינף וואכן נאכאנאנד, האט ער פשוט אנגענומען באשטעלונגען ביי די טאנדעט־סוחרים פון „וואלאוקע" און זיך געניים און געשפילט און געזונגען און געטאנצט און געהאט „פינוסע" בשפע.

וואס דען מיינט איר? פון דעם ממזר, פון דירעקטאר אונ־זערן, וועלן מיר האבן „פינוסע"? א פאהיבעל אויף אים און אין זיי־נע טשאבאטעס!

א רחמנות און א „שערבעלע־חיה", זעט איר, איז אויף די אר־טיסטן־קינצלערוקעס, וואס זענען געוועזענע קצבים און בעלי־עגלות. אין תוך גענומען, פירן מיר אויף שטיק מיט זייעריגע ראלן אויך: מיט קצבים, העקער־יונגען, בעל־עגלות, און מען דארף דא זאגן דעם אמת, אז דער שווארצער יאר נעמט זיי נישט, זיי שפילן זייערע ראלן — אזא יאר אויף מיר און אויף אייך! נאר קיין „פינוסע" דערפון צו האבן קען מען נישט. זיי, נעבעך, מוזן שפילן מיט זייער הויליגן טאלאנט נאר פון דער ריינער קונץ־וועגן. ווארום ווי אזוי קענען אזעלכע פארשויינען אויף דער בינע פארדינען? דער קצב וועט דאך נישט נעמען טרייבערן אויף דער בינע אן אמתן אקס אדער שינדן א געפגרט פערד!

איז מוטשען זיי זיך נעבעך. שפילן און שפילן, און האבן קוים א גראשן ביים לייב־און־לעבן.

הגם כ'האב אפילו געזאגט דעם חבר לונגענלעבער (א געוועזענער העקער־יונג א ספעציאליסט), ער זאל ארויפנעמען אויף דער בינע אן אמתן קעלבל און אפשינדן, וועט ער עפעס פארדינען — ווארום וואס טוט מען נישט צוליב קונץ? — וויל ער נישט! וויל ער נישט — דארף מען נישט. אן עסק האב איך.

און ווער שמועסט, דער בעל־עגלה — אויף אים איז גאר נע־בעך א רחמנות. ער קען גאר נישט כאפן קיין זייטיגן גראשן פון זיין שפילן. ער וועט דאך נישט נעמען און ארויספארן מיט א בויד און פערד און וואגן אויף דער בינע. און טאמער וועט מען אים שוין געבן אן אמתן פערד־און־וואגן מיט דעם אמתן געשפאן און בויד אויף דער בינע, טא ווי־אזוי־זשע וועט ער נעמען פאסאזשירן און מאכן מיט זיי א יאזדע? איז אים טאקע ביטער ווי גאל און צו ביים נעבעך מיט די פינגער אין ברויסן.

נאָר וואָס דען? — כבוד. כבוד האָט דער בעל־עגלה־אַרטיסט בײַ אונז מער ווי לעבער. די צושויער בעלי־עגלות, וואָס געפינען זיך צווישן פּובליקום, זענען גאָר פאַרכאַפּט פון זײַן שפּילן, וואָרים זיי קענען עס אָפּשאַצן... זײַן „טפרו" מיט זײַן „וויאָ" מיט זײַן „שמירן די רעדער", מיט זײַן קנאַקן מיטן בײַטש, זאָגן זיי, איז אין לשער. נאַטוראַל־שבנאַטוראַל! איז מאַכן זיי אים שוין אײנמאָל אַן אַפּלאָז.

וואָרום אַז בעלי־עגלות קליאַסקעווען אין די דלאָניעס, אי, עס ווי טויזנט שטיק פאַרעשוועס זאָלן פּאַטשן איינס אָן דער אַנדערער. זיי טראָגן אים אַרום אויף די פּלייצעס, שפּאַנען אויס די פערד פון זײַן דראָזשקע, שפּאַנען אויס און שפּאַנען צוריק אײַן. וואָרום אַ ווערדע האָט עס בײַ בעלי־עגלות אײַנשפּאַנען און אויסשאַפּנען אַ פערד!

אַט אַזוי, מײַנע פרײַנט און ליבהאָבער, פאַרדינט אונזער קינ־צלער־טרופּע נישט שלעכט, מחמת יעדער האָט זיך זײַן פאַך. דערפאַר זאָג איך דאָך: קונץ איז אַ גרויסע זאַך, נאָר מען דאַרף דערצו נאָך האָבן די אמתע באַגײַסטערונג און אַ פאַך אין האַנט.

אגב אורחא, אפשר האָט איר אַ פּאָר שיך צו פאַרריכטן? היינט בײַנאַכט גייט בײַ אונז „קבצן, וואו קריכסטו?" — אין איך שפּיל דאָרט די שוסטער־ראָליע.

## אַקטיאָר נומער צוויי — טראַגיקער.

### „די קונסט איז אײנע וואָרע טראַגעדיע".

— יאָ, מײַנע פרײַנדע און האַכשעצער! איר מיינט, אַז די קונסט איז אײנע לײַכטע שפּאַסע. און אַז דער אַרטיסט איז דער גליקלעכסטער מענטשנקינד אונטער דער זאָנע — זענט איר, אויב איר מיינט אַזוי, מײַנע פרײַנדע, גראָסע פערדע און דומקעפּפע. אָ, ניין, ניין! דער קינסטלער, אָבוואָל ער טראָגט אין זײַן הערצן דעם געטלעכן פײַער פון גלית הפּלישתי: אָבוואָל ער איז דער פּריצ־טער פון קונסט־טעמפּל; אָבוואָל ער איז דער קעניג, וואָס טראָגט דעם ספּענצער אין האַנט און די קרוין אויפן קאָפּ, — דאָך מוז

אין זיין הערצן טראָגט ער יאָמערלעכע עלעמענטע און טראַוועריקע געפיהלע.

יאָ, מיינע הערהן! דו שטייסט אויף דער בינע, און דאָס האָב געשעצטע אידיאָטאָריום זעט, ווי דו, אָרמער שוישפּילער, שפּילסט, לאַכסט און פּראָוועסט דיינע געלונגענע וויצע און דו זינגסט דיינע אירָאַנישע קופּלעטע, — מיינט ער, אַז דו ביזט גליקלעך אין דיין שיקזאַל. אָ, ניין, ניין, ניין! דאָס איז בלויז איין מיזעראַבעלער זייפּן־בלאָזע און ווייטער ניכטס.

איר זעט, ווי דאָס פּאָלעק עמפּפאַנגט אים מיט זיינע אַפּלאָזע און לעבערקרענצע, פּרעזענטירטע מיט זיינע פּרעזענטע — מיינט איר, אַז ער איז שוין גליקלעך? אָ, ניין! טיף אין זיין הערץ באַוואשט ער זיך מיט ביטערן שווייסע. פון זיינע אאוגן גיסן זיך טרענע. זיין קערפּערשאַפט ווערט צעריסן פון שאַקאַלן און לעמפּערכע, און זיין נאַבעלע זעעלע וויינט ווי איין ביבער.

אָ, מענטשן־קינדער!

ניט נאָר אריין אין דעם קערפּערשאַפט פון דעם קינסטלער־שטעלט זיך נאָר פאַר אין אייער פאַנטאַזיאַן דאָס פאָלגנדע בילד, וואָס איז איין אָפּשפּיגלונג פון זיין טראַווערדיגע ווירקלעכקייט, און איר וועט דערזען אַ בילד פון פּיין און געוויסענביסע.

און דאָס בילד איז געמלעך פאָלגנדע בילר:

פינף מינוטן פאַר דער פאָרשטעלונג. דער פאָרהאַנג דאַרף באַלד געצויגן ווערן, דאָס אידיאָטאָריום איז שוין אויף די פּלעצער, און מיר — מיר די פריצטער פון קונסט־טעמפּל מיט די ספּענצערס אין די הענד — מיר שפּילן „אַ פאַאוקערל“! די געזיכטע פלאַמען, די הערצער קלאַפּן, ווי ביי איין גזלן; אונזערע גייסטער שטורמען, ווי קאַנאָנען, און אַנדערע עלעמענטע, און פּלוצלונג —

אָ, פּלוצלינג אין די דיזן אויגנבליק דערהערט זיך די פלוס־דורשטיגע שטים פון דירעקטאָר:

— חברים, אויף דער בינע! די פאָרשטעלונג פאַנגט זיך אָן!

און איך, אָ, הימעל! איך בין גראָדע אומגליקלעכערווייזע דער פאָרשפּילטער. עס איז מיר נישט געגאַנגען, פונקט, ווי אַלע עלעמענטע דער נאַטור האָבן זיך פאַרנומען קעגן מיר... אָ, מענטשן־

קינדער! צי ווייסט איר, וואָס הייסט פאַרשפּילן? צי ווייסט איר, וואָס הייסט איבעררייסן אינמיטן קאָרטן־שפּיל? צי זענט איר ווען געווען אין דער פּעל פון אַ קאָרטן־שפּילער?

און ער, דער דירעקטאָר, דער מערדער, ער הופּט. אַך, ווען איך האָב דאָ אַ רעוואָלווער, וואָלט איך אים אַ מעסער אַריינגעשטאָכן אין בויך!

און איך, אומגליקלעכער מענטש, וואָס איך בין, איך בין נאָך אַ טראַגיקער. איך בין געבענטשט פון נאַט מיט טראַווערדיגן טעמפּעראַטור. און גראָדע באַדאַרף איך אין היינטיגן שטיק זיין דער ערשטער אויף דער בינע. מיין אַחויסטריט! יעצט, ווען מיין הערץ איז געפאַנגען אין די קייטן פון „פּאַאוקער", יעצט זאָל איך אים איבעררייסן די שפּיל און גיין אויף דער בינע! יעצט, ווען — ווי זאָגט קעניג ליר — טויזנטער עלעמענטע זאָלן שטורמען און צוטרייסלען די גאַנצע נאַטור־ווייסנשאַפט! ווען טויזנטער זאַווערוכעס און הוראַגאַנען זאָלן אונזער ערד אויף פּיצלעך צושמעטערן, וואָלט איך נישט געהערט — יעצט באַדאַרף איך גיין שפּילן קונסט! צוויי קרעפטע קעמפן דאָ אין מיר: בינע־שפּיל און קאָרטן־שפּיל, און זיי צורייסן מיין ברוסט־קאַסטן.

און דאָס גלעקל קלינגט, הופּט און קלינגט. אָט באַלד וועט זיך לאָזן הערן דער גאַנג־קלאַנג! אַ, נידערטרעכטיגער גלעקל! אַ, טיראַנישער גאַנג־קלאַנג, ווי וואָלט איך אייך צושמעטערט!

אַ, שמעטערלינג!

און דאָרט הינטערן פאָרהאַנג שטורמט דאָס פּאָלעק. עס ברויזט און רוישט! דאָס פּאָלעק רופט זיין קינסטלער. דאָס פּאָלעק — עס איז דאָך ווי איין טיהרע, ווי איין רויב־פויגל. וואָס קימערט אים מיין אַמביציאָן? וואָס קימערט אים מיין הייליגער דורשט צום „פּאַאוקער"? וואָס קימערן אים מיינע געפיהלע און אַנדערע עלעמענטע? דאָס פּאָלעק וויל דערפון נישט וויסן. עס וויל נאָר, ווי די אַמאָליגע רוימישע בעדער: „פּאַנים עט צירצענעס"! — געזיכטער און פאָרשטעלונג! עס וויל, איך זאָל אים ווייזן מיין שפּיל! און איך, דער קעניג דער נאַטוער, דער מיט דעם קרוין אויפן קאָפּ און

מיט דעם ספּענצער אין האַנט, מוז פאַרלאָזן דעם „פּאַאוקערל“ און גיין אויף דער בינע און זינגען מיינע טראַוועריגע קופּלעטע:

די גרינגע מויד,
די גרינגע מויד,
זי יאָגט זיך נאָך אַ בחור!
זי וואָלט געגעבן
ס'גאַנצע לעבן,
צו קריגן נאָר אַ זכר!
אַ בחור,
אַ זכר, —
אוי, גיט איר, גוואַלט, אַ זכר!
אַ זכר, —
אַ בחור,
וואָס נעמט מען איר אַ זכר!?

דו זינגסט און פּאָר דיינע אויגן דרייען זיך „טייז“, „מלכים“, „אונטער“, און אין די אויערן קלינגען: „פלאַש“, „סטרייט“, „פּאַס“... דאָס האַרץ פּלאַצט, בענקט, לעכצט, קלאַפּט, ווי איין קעסל־פויק.

יאָ, טראַוועריג איז דער שיקזאַל פון אַן ארטיסט אַ טראַגיקער. ער איז געגליכן צו אַ נאַכטיגאַל צווישן דערנער. צו איין צאַרטן הי־מנאָטוס אין דער וויסטע און צו אַנדערע עלעמענטע.

# בריוועלעך צווישן אַ דיכטער און אַ מאָלער ערב אַ קינסטלער-באַל.

---

## פון דיכטער צום מאָלער.

טייערער חבר, קונסט-מאָלער זאַנוויל שפּאַכטעל!

איך קום דיך צו בעטן, דו זאָלסט מיר טון פאָלגנדע געפעליג-קייט: ווי דו ווייסט, קומט ביי אונז פאַר היינטיגע וואָך אַ קינסטלער-באַל מיט מאַסקן. און היות, ווי דו ביזט דאָך אַ מאָלער, האָט זיך אפשר ביי דיר פאַרוואַלגערט אַ סמאָקינג. אויב דו האָסט אַזעלכן, וועסטו מיך פשוט דערהאַלטן ביים לעבן, מחמת איך האָב שוין אַ פרישע ליבע. ווי דו ווייסט, בין איך אַ מענטש מיט אַן עראָטישן הינטערגרונט, וואָס טוישט זיינע ליבעס ווי העמדער: יעדעס יאָר מוז איך האָבן אַ פרישע ליבע... די נייע ליבע איז אונזער שכן משה דעם גלעזערס טאָכטער. אַ דעמאָנישע פרוי, וואָס פאַרקערפּערט מיט אירע זומער-שפּרענקעלעך די פלאַמען פון תאווה און דעם פּראַ-טעסט פון דער עראָטישער אונטערדריקונג. — עס שמעקט פון איר מיט שוועבל און טייוול-קרויט. הכלל, אַ פרויענצימער, וואָס שטימט מיט מיינע בונטאַרישע פּאָעטישע חושים. איך האָב שוין אפילו פאַר איר אָנגעשריבן אַ העכסט עראָטישן סאָנעט „די געלע יאַרמולקע“:

דו ביזט געל,

דו ביזט געל!...

דיינע לענדן דערמאָנען מיר

זאַפראַן מיט חלה,

אַ ליכטיגע בלה.

לכה דודי!...
דו ביזט מיין שטורם־האגעל,
דו ביזט מיין גאגעל־מאגעל,
דו ביזט מיין האמסקער שניידערע,
דו טראגסט אין זיך געוויטער,
געוויטער, שיטער, ביטער —
לכה דודי!

ענדלעך האב איך געפונען דעם ריכטיגן אביעקט, וואס וועט מיך באגייסטערן צו מיין עראטישן שאפן. אנשטאט וואס ביז אהער האב איך מיינע עראטישע מאטיוון געשעפט ביים שוי־פענסטער פון דאמען־וועש.

את צוליב איר אליין מוזן מיר גיין אויפן באל. דארט וועט זי אויך זיין. זי וועט דארט גיין באַרוועס ביזן האלז, וואס עס וועט אין מיר אנצינדען דאס פייער פון ליידנשאפט און אהגיע, מחמת זי ווייסט גארנישט, ווי איך גאר נאך אַרגיע און וואקכאנאליע!... אין מיינע אדערן שטראמט דאס בלוט פון די אלטע רוימער. לאז שוימען דער וויין, זאלן בלאזן די טראמבאנען אין דעם שוים פון די זינדיגע פאנטאזן, לאמיך שטילן מיין תאוה־לוסט! א!... און דער־ריבער שיק מיר וואס גיכער דיין סמאקינג, און איך וועל דיר דאנקען מיט דאנקבארקייט פון מיין בונטארישער נשמה.

מיט עראטישן גרוס, דיין דיכטער
פימפעל.

## פון מאלער צום דיכטער.

טייערער דיכטער פימפעל!

דיין בריוו מיט דער בקשה האב איך דערהאלטן. אזוי ווי דיין דיכטערישע אינטואיציע האט דיר פארגעזאגט, האב איך טאקע א סמאקינג. הגם די קאנטורן פון די לאצן זענען שוין אויסגעריבן, אבער ער זעט נאך גאר גלענצנד אויס, מחמת ער איז פארפעצט און — גלאנצט... און ווען מען זאל אים נאך א פוץ טון מיט בענזין, וועט ער גאר שמעקן. איך האב אים געקויפט אויף דער „וואַ־לוועקע“, ווייל איך האב געמאלט א בילד פון אריסטאקראטישן

לעבן. די פראגע איז נאר, ווי־אזוי זאל די קאץ קומען איבערן וואסער — ווי־אזוי זאל דער סמאקינג קומען צו דיר? איך האב נישט, מיט וועמען דיר אים איבערצושיקן. און אליין ברענגען דיר קאן איך נישט. מחמת איך זיץ אן הויזן... הער נאר א מאניפארגע: נעכטן פארן שלאפן־גיין האב איך פארגעסן צוצושליסן מיין אטעליע. געלאזט נאסטשעס אפן דאס גאנצע צימער מיט מיינע בילדער, וואס שטעלט מיט זיך פאר אן אמתע קונסט־גאלעריע. אז איך האב זיך אויפגעכאפט באגינען, א זייגער איינס נאך האלבן טאג, און געטראפן די טיר אפן, בין איך געווארן א פארציטערטער. איך האב געמיינט, חלילה, אז מען האט אוועקגעגנבעט מיינע אלע קונסט־בילדער מיט מיינע סקיצן און פארבן־קאמפאזיציעס! ערשט די בילדער הענגען אלע אויף די ווענט. זאל דאס איינס פעלן!... דאכט זיך מיר, אז איין בילד איז נאך צוקגעקומען... איך וואלט שווערן, אז דאס האט מיר דער גנב פינקוס זאלצמאן אונטערגעווארפן ביינאכט מיין בילד, וואס ער האט געוואונען אויף דער לאטעריע. — דערפאר אבער די הויזן מיינע זענען נעלם געווארן. — אוועקגעגנבעט! און ווי אין וואסער אריין.

על־כן, ווי דו זעסט, זיץ איך אן תחתונים און קאן דיר דעריבער נישט צוטראגן מיין סמאקינג. און גלויב מיר, אז איך וואלט אויך געוואלט גיין אויף אונזער קינסטלער־באל. ווייל אויך איך בענק נאך ארגיע און וואקכאנאליע. אויב דו ווילסט, אז איך זאל דיר ברענגען מיין סמאקינג, טא שיק מיר דיינע הויזן, וועל איך אנטון דיינע הויזן, וועל איך דיר ברענגען מיין סמאקינג.

דיין זאנוויל.

פ. ס. איך גראטוליר דיך מיט דיין נייער פייערדיגער ליבע. איך האף, אז דו וועסט מיך מיט איר באקענען, און זי בעטן, זי זאל מיר פאזירן. איך וויל פון איר מאלן „א קאנצעפציע פון געלער געפאר". נישטמער, עס פעלט מיר יעצט אוים אביסל „אכרע", כדי איך זאל קאנען האלטן דאס בילד אין געלע טענער. נאר מילא, מיר וועלן זיך אן עצה געבן.

ד. ז.

# פון דיכטער צום מאָלער.

טײַערער חבר, קונסט־מאָלער שפּאַכטעל!

עס וואונדערט מיך זייער אויף דיין אומלאָגישקייט. דו שרייבסט מיר, אַז איך זאָל דיר שיקן מיינע הויזן. איז — ערשטנס, אַז איך וואָלט געהאַט הויזן, וואָלט איך דאָך אַליין געקאָנט קומען צו דיר באַכן סמאָקינג. אלא, אַז איך קום נישט, איז מסתמא אַ סוד דערביי. און דער סוד איז נעמלעך דאָס, וואָס איך בין אויך הויזנלאָז. נישט מער, ביי מיר איז עס געשען אויף אַן אַנדער אופן — נישט מען האָט זיי ביי מיר געגנבעט, נאָר איך האָב זיי אַליין אוועקגעגעבן צו פאַרריכטן צו מיין שניידער הירשל, טאַקע צוליבן היינטיגן קינסטלער־באַל. וואָרום, ווי דו ווייסט, האָב איך לעצטנס זייער פיל און פרוכט־באַר געשאַפן, איז אַט צוליב מיין אינטענסיוון שאַפן און טיפער אָנ־שטרענגונג פון מיין דיכטערישן עספּרי, האָב איך אויסגעריבן צוויי לעכער אויפן סאַמע געזעס פון מיין אונטערבאַוואוסטזיין... איצט וויל ער, דער שניידער, אַ נכפה זאָל אים טרעפן, נישט אַרויסגעבן מיינע הויזן אָן געלט! (וואָס אַ שנדעריוק קאָן!). באשר איך האָב אים שוין עטלעכע מאָל אָנגעפּייפט... (וואָס אַ שניידעריוק קאָן!). איינמאָל האָב איך אים געגעבן מיין מאַנטל צו פאַרריכטן, האָב איך ביי אים דערווייל אויסגעבאָרגט אַן אַנדער מאַנטל, אַ בעסערן. האָב איך עס דערנאָך פאַרזעצט אין לאָמבאַרד (וואָס אַ שניידעריוק קאָן!). איך האָב אים אפילו געוואָלט שענקען מיין בוך לידער „ווען טראָמ־באָנען בלאָזן", וויל ער דאָס אויך נישט נעמען (וואָס אַ שניידעריוק קאָן!). ער דאַרף נישט, זאָגט ער, קיין טראָמבאָנען, וואָס בלאָזן. ער איז, זאָגט ער, נישט קיין וואָיסקאָווער כלי־זמר, נאָר אַ מענ־סקער שניידער.

ווי, צו וואָס מיר זענען דערגאַנגען, חבר שפּאַכטעל, אַז מיר מוזן אוועקגעבן פאַר אַ לאַטקע אויפן געזעס פון מינדערוווערטיגע הויזן אונזער דראַנג־שטורם און בלאָזן פון אונזערע טראָמבאָנען, און מען וויל עס נאָך נישט נעמען...

מילא, איך וועל שוין אויף אים אָנשרייבן אַ בייסנדע סאַטירע אין דער פאָרם פון אַ סימבאָלישער ביי־מאַשין.

אלזא, ווי דו זעסט, בין איך נאך גאלער, ווי דו. עס איז דערי־בער א יושר, דו זאלסט מיר אויסבארגן א פאר זלאטעס. וועל איך אויסקויפן מיינע הויזן. וועל איך קאנען קומען צו דיר דירעקט אין מיינע הויזן און נעמען ביי דיר דעם סמאקינג.

מיט דיכטערישן גרוס,

דיין קאלעגע פימפעל.

## פון מאלער צום דיכטער.

טייערער חבר דיכטער פימפעל!

עס וואונדערט מיך זייער אויף דיינע פארבלאזע האריזאנטן פון דיין שכל־קאלאריט. פונוואנען זאל קומען צו מיר געלט? דענקסטו, אז מיינע בילדער זענען מער צוגענגלעך פאר דער היינטיגער געזעלשאפט, ווי דיינע לידער? פערגעס נישט, אז מיר לעבן אין א צייט פון פיליסטערס און סנאבן און אנדערע נידעריגע אינדיווידיאומען, וואס קאנען אונזערע שאפונגען נישט באגרייפן. און דערי־בער ווילן זיך מיינע בילדער נישט פארקויפן. דאס הייסט: פאר־קויפן — פארקויפן זיי זיך יא, נאר קיינער וויל זיי נישט קויפן. אמאל, אז די בילדער מיינע זענען נאך געווען איינגעפאסט אין ראמען, האט זיך נאך ווער־עס־איז געקוואפעט אויף דער ראם; אבער יעצט, ווען איך האב נישט קיין ראמען, וויל זיי קיינער אין האנט נישט נעמען. מיט מיינע פארטרעטן גייט עס אויך נישט בעסער, מחמת די אלע באשטעלער מיינע זענען נידעריגע קליינע מענטשעלעך, וואס פארשטייען זיך אויף קונסט, ווי דיין שניידער אויף דיינע „טראמבאנען". זיי באשטעלן ביי מיר א פארטרעט פון א שוויגער און ווילן, אז דער פארטרעט זאל זיין ענלעך צו דער שוויגער; און אז איך גיב זיי א פארטרעט פון דער שוויגער, וואס איז ענלעך צו נאפאלעאן דעם דריטן, אדער צו א הידראפלאן, געפעלט זיי נישט. און אז איך מאל זיי א קינד, וואס איז ענלעך צו א קארנעלע אדער א גאזאמעטער, געפעלט זיי נישט. און אויב איך מאך זיי א בילד, וואס מען קאן עס אויסהענגען אויף אלע זייטן, מיט די

פיס ארויף און מיטן קאפ אראפ, רעכטס אדער לינקס, געפעלט זיי ווידער נישט...

דא־נישט־לאנג האט מען ביי מיר באשטעלט א פארטרעט פון א פאטער, האב איך אויסגעמאלט א בילד, וואס מען האט געקענט אויפהענגען אויף אלע זייטן און יעדעס מאל האט זיך אנטפלעקט אן אנדער אינהאלט: האט מען עס אויפגעהאנגען מיטן קאפ אראפ, האט עס אויסגעדריקט ווי נח בויט די תיבה; האט מען עס אויפגעהאנגען פון רעכטס אויף לינקס, האט עס אויסגעדריקט די רוסיש־יאפאנישע מלחמה; האט מען עס אויפגעהאנגען פון לינקס אויף רעכטס, האט עס אויסגעדריקט א טאנץ פון פלעדערמייז — און אזוי ו. און א. ו.

דאכט זיך אזא זעלטן בילד — און דער באשטעלער האט עס נישט געוואלט אויסקויפן.

דא אנוסטן האב איך אויסגעשטעלט א בילד אויף אונזער אויסשטעלונג. האט קיינער עס נישט געוואלט קויפן, מחמת מען האט נישט געוואוסט, וואס דאס איז: צי איז דאס א פארטרעט, אדער א לאנדשאפט. האב איך גענומען און אונטערגעשריבן „גרינפעלד“. האט דער עולם ווידער נישט געוואוסט, צי איז עס א ג ר י ן  פ ע ל ד, אדער א פארשוין אזא, וואס הייסט ג ר י נ פ ע ל ד. האט מען ווידער נישט געקויפט. האב איך גענומען און אויפגעקלעפט אויפן בילד א צעטל מיט אן אויפשריפט „פארקויפט“, כדי עס זאל זיין מער אטראקציע. האט דער עולם געזען, אז עס איז „פארקויפט“, האט ער דאך אודאי נישט געהאט, וואס צו קויפן. ביני לביני איז דאס בילד געבליבן הענגען עד־היום נישט פארקויפט... הגם עס איז געווען אויפגעשריבן „פארקויפט“.

טיילמאל שפארן זיי זיך איין, מיינע קליענטן, און פארלאנגען, איך זאל זיי ווייזן אויפן פארטרעט: וואו איז די נאז, וואו איז דאס מויל און וואו זענען די אויגן. איין קלייניקייט: גיי, זיי א בריה און ווייז זיי, וואו אט דידאזיגע אברים געפינען זיך... אז איך ווייס אליין נישט!... וואס פיליסטערם זענען!

הכלל, ברודער, שלעכט. מיר זענען צו־פרי געבוירן געווארן. מיר לעבן־איבער דעמזעלבן גורל, וואס רעמבראנד און ד״ר גליקסמאן, לעאנארדא דא ווינטשי און ישראל שטערן. קיינער פארשטייט

אונז נישט. מיר דארפןווארטן, ברודער, ביז די אלטע וועלט וועט צעפאלן ווערן, און מיר וועלן אויפשטעלן א נייעם וועלטאל מיט א נייעם קאסמאס. לעת־עתה אבער, אפשר האסטו א סיגארעטל אדער אביסל טיטון פאר מיין פייקע? שיק מיר עס צו.

דיין ווארים־פארביגער פריינט,

שפאכטעל.

## פון דיכטער צום מאלער.

טייערער קינסטלער שפאכטעל!

עס וואונדערט מיך זייער, וואס דו ביזט מיך חושד, אז איך האלט, אז דיינע בילדער פארקויפן זיך און זענען פארשטענדלעך. דאס וואלט געווען ווירקלעך א באליידיגונג פון מיין זייט, פונקט ווי איך וואלט זיך באליידיגט, ווען דו זאלסט מיך חושד זיין, אז מיינע לידער זענען דרוקפעיג. א, ניין, נישט איך, נישט דו וועלן שאפן פארשטענדלעכע זאכן פאר דער אפשטארבנדער וועלט. בפרט, אז קיינער וויל מיך נישט דרוקן. טאג־טעגלעך האלטן זיי, די רעדאקטארן, אין איין אפשיקן מיר צוריק מיינע געדיכטע. איך וואלט שווערן, אז זיי שיקן מיר אפ מער, ווי איך שיק זיי. אפילו דער בריוו־טרעגער ווייסט שוין אויך דערפון, און אז איך שטעל אים אמאל אפ און פרעג אים, צי האט ער עפעס פאר מיר, ענטפערט ער מיר: „ניין, פאניע פאעט. היינט, א פנים, האט נאך קיין רעדאקציע נישט אפ־געשיקט אייך אייער ליד"... אזא אידיאט!

דא אנוסטן האב איך זיי געשיקט אט אזא דיכטערישן פעריל:

יכנהזן, ווי ווייסע לענדען,
שלענדערן און געלבן הויך;
לעפל־גאפל, צום פארבלענדען,
גלימצערן ביי מיר אין בויך.
און מיין פליכן־קאפ דעם וויסטן
שמיר איך אוים מיט כלאראדאנט,
און פון הענג־לייכטער די בריסטן
מורמלען, פרעגן: „וואטשי וואנט?"

א, איר פימפסן און גזוימסן,
כ'זופ דעם זוים פון אייער־זאק:
איר גזוימסן און די פימפסן,
הימעל! ס'איז מיר ענג אין טראק!

פארשטייסט? איז אט דאסדאזיגע ליד נעמען זיי און שיקן מיר אפ. פאסט־אויסגאבן מאכן זיי מיר אן.

און דאס, וואס דו שרייבסט, אז דו קענסט אויסמאלן א בילד, וואס מען קאן אויפהענגען אויף אלע זייטן, — קאן איך דיר זאגן, אז אויך איך האב דא־נישט־לאנג אנגעשריבן א ליד, וואס מען קאן עס לייענען פון אלע זייטן: פון אויבן אראפ און פון אונטן ארויף. און יעדעס מאל האט עס זיין באזונדער חן און באזונדער אינהאלט. וואס איז אבער די פעולה, אז קיינער פארשטייט זיך נישט אויף דעם!

א נס, וואס איצט איז אזא קאלטער ווינטער און איך קאן מיט די לידער מיינע הייצן אין בלעכערנעם אויוועלע — דאס איינציגע באשעפעניש, וואס האלט נאך פון מיין שאפן און שלינגט זיי אזוי גיריג. אבער די מענטשהייט, די מענטשהייט איז נאך פינסטער... מיר מוזן העריבער ווארטן, ווארטן, ווען מיר וועלן אומגיין אויף די חורבות פון דער וועלט.

עיקר שכחתי: וואס טוט מען אבער דערווייל מיט די הויזן, ס'הייסט אן די הויזן? ווי־אזוי באקום איך זיי? איך קאן דאך נישט פארלירן מיין דעמאניש פרויענצימער, און דו — דיין מאדעל. און אלץ צוליב עפעס פארשאלטענע באגרענעצטע פאר הויזן!

ענטפער!

דיין דיכטער פימפעל.

## פון מאלער צום דיכטער.

טייערער חבר פימפעל!

דיר איז גוט: מען שיקט דיר אפ דיינע לידער, האסטו דער־ווייל מיט וואס צו הייצן. וואס זאל איך אבער טון? ביי מיר אין אטעליע איז אזוי קאלט, כאטש וועלף פארטרייב! און דא, אויף צופיקעניש, באדארף איך אין אזא קעלט זיצן אן הויזן און אן פער־ספעקטיוון! וואלט איך נעהייצט מיט מיינע לייוונטן, איז אן עבירה

ליוונט איז נישט קיין פּאַפּיר, ליוונט איז געלט! איך באַדאַרף נאָר אָפּוואַשן דאָס געמאָלעכץ און מאַכן דערפֿון ריינעם ליוונט, דאַן וואָלט איך עס געקאָנט פֿאַרקויפֿן פֿאַר גוט געלט, וואָס טוט מען נישט צוליב דער קונסט! האָב איך אָבער נישט קיין טערפּענטין אויף אָפּצוּוואַשן די ליוונטן...

און דאָ איז נאָך צוגעקומען אַן אַנדער צרה: איך האָב די מיטאָגן אויך פֿאַרלוירן. ווי דו ווייסט, האָב איך מיט אַ חודש צוריק באַקומען אַ באַשטעלונג פֿון דעם רעסטאָראַטאָר פֿישעל צוצומאָלן און אויסדעקאָרירן די ווענט פֿון זיין רעסטאָראַציע „צום גרינעם שלייען". דערפֿאַר האָב איך באַדאַרפֿט באַקומען צוויי חדשים מיטאָגן. האָב איך דאָרט די ווענט צעמאָלט גאָר הערלעך מיט די וואונדערלעכסטע אַראַבעסקן און פֿרעסקן, וואָס דאַרף אויסדריקן דעם ענין „פֿרעס", ווי עס פּאַסט פֿאַר אַ רעסטאָראַציע. און אַלץ אין מעכאַנאָמאָנופּאָקטורישן סטיל; נימפֿן, סאַמאָוואַרן, פֿייערלעשער און אַנדערע סימבאָלישע מיטאָלאָגן. נאָר מען ווייסט נישט, פֿאַרוואָס די געסט האָבן אויפֿגעהערט צו באַזוכן דעם רעסטאָראַן. אַלטע לאַנג־יעריגע עסער זענען צעלאָפֿן פֿון רעסטאָראַן, ווי פֿון אַ מגפֿה; די שטאַרקסטע מענער האָבן באַקומען ספּאַזמעס, עטלעכע טראָגעדיגע פֿרויען האָבן מפּיל געווען. דער רעסטאָראַטאָר האָט באַנקראָטירט, פֿאַרמאַכט דאָס געשעפֿט, און איך בין געבליבן אָן מיטאָגן.

איצט זיץ איך אָן עסן, אָן הויזן און אָן אַ פּאַפּיראָס, און אויפֿן קינסטלער־באַל ווילט זיך מיר אויך גיין. עך, ווי עס בענקט זיך דאָס נאָך אַן אָרגיע, וואָרום אויך אין מיינע אָדערן פֿליסט דאָך דאָס בלוט פֿון די מיטלאַלטערישע ריטער... אגב, אפֿשר האָסטו ביי דיר אַ שטיקל מאַרינירטן הערינג; ברויט האָב איך נאָך, וואָס עס איז פֿאַרבליבן פֿון מיין „נאַטיור מאָרט", וואָס איך האָב געמאָלן. איך האָב עס, ליידער, נישט געקאָנט ענדיגן, ווייל די פֿרוכטן מיט די איבריגע עסנוואַרג האָבן די חברים אויפֿגעפֿרעסן. זאָל זיי באַקאָם אַרויס!

נו, זיי מיר געזונט און גריס דיין געלע דולציניע... דיין איבערגעגעבענער מיט אַלע פֿאַרבן פֿון זיין פֿאַרבן־ברעט,

מאָלער שפּאַכטעל.

## פון דיכטער צום מאלער.

טייערער חבר שפּאַכטעל!

פּוטוואַנען קומט צו מיר מאַרינירטע הערינג? און אויב איך האָב געהאַט אַ שטיקל הערינג, וואָלט עס, מיינסטו, ביי מיר לאַנג אויסגעלעגן? אמת, איך האָב שיער־שיער נישט אריינבאַקומען נישט נאָר הערינג, נאָר אַ גאַנצן אוצר מיט עסנוואַרג, קאָנסערוון, לאַקשן, מאַקאַראָנען, פּאָווידלע און פּרוכטן. איך האָב אויך, ווי דו, געהאַט אַ באַשטעלונג פון מיין באַקאַנטן קאָלאָניאַל־קרעמער איטשע לאַקש. איך זאָל אים אָנשרייבן אַ ליד וועגן זיין באַקאַליי־געשעפט און זיינע סחורות. — ער זאָל עס קאָנען דרוקן אַלס אַנאָנס אין די צייטונגען. האָב איך אויסגעדיכטעט פאָלגנדע דיכטונג:

### פערלגרויפּן.

איך זינג אויף נאָטן:
האָטנטאָטן,
קויפן שפּראָטן,
הודל־שפּרודל,
קאַרטאָפליאַנקע,
נודל־שטרודל,
און באַנאַנקע;
זאָל די עחה זיך
דרייען, הרייען
אויף איר אַקס.
איך קויף וואַקס,
הימל־לאַקס
שניי אַ באַקס —
אַקס,
וואַקס,
לאַקס,
באַקס,
ניצמח פּורקני!...

וואָס־זשע, מיינסטו, איז געשען? — דער אויסוואורף האָט דאָס לידל נישט געוואָלט אָננעמען. ער וויל עס נישט לאָזן דרוקן. ער וויל, זאָגט ער, גאָר נישט פאַרמאַכן דאָס קרעמל. ער וויל נישט, זאָגט ער, אַז מענטשן זאָלן מיינען, אַז ער איז משוגע געוואָרן. ער וויל נאָך זען אַ קונה פאַר די אויגן. ער האָט נאָך, זאָגט ער, דערווייל נישט קיין בעסערע געשעפטן... האָט זיך פון די קאָנסערוון, מיט די פרוכטן, מיט די מאַקאַראָנען, מיט דער פּאָווידלע זיך אויסגעלאָזט אַ טייך. טאָ ווי קומט צו מיר הערינג? און אַז איך וואָלט געהאַט הערינג, ווי וואָלט איך דיר געקאָנט עס ברענגען, אַז איך ליג אין הויזן! איך האָב דיר אָבער לאַנג שוין געזאָגט, אַז מיר זאָלן נעמען צוזאַמען איין וואוינונג, וואָלטן מיר געקאָנט אויסקומען מיט איין פּאָר הויזן.

מיט פערצווייפלטן גרוס,

דיכטער פּימפּעל.

## פון מאָלער צום דיכטער.

חבר פּימפּעל!

מיט גרוים באַגייסטערונג וועל איך אויסשרייען:

פּאַפּריקאַ! — איך האָב געפונען! איך האָב געפונען אַן אויסוועג פון דער לאַגע. מיין עצה איז, מיר זאָלן אָנטון מאַסקעס און גיין אויפ׳ן באַל. איך אַלס רוימישער לעגיאָנער, און דו אַלס דער גריכישער פילאָזאָף דיאָגענעס. אַזוי ווי דיזאָזיגע העלדן, ווי באַוואוסט, האָבן נישט געטראָגן קיין הויזן, וועלן מיר קאָנען גיין אָן הויזן. דו דאַרפסט שוין נישט קיין סמאָקינג, ווייל דיאָגענעס האָט נישט געטראָגן קיין סמאָקינג. ער האָט געטראָגן בלויז אַ שמאַטע, — קאָנסטו אַלזאָ אָנטון דיין שבתדיגע מאַרינאַרקע. נאָר אַ לאַמטערן זאָלסטו נעמען אין האַנט: קאָנסט עס מאַכן פון דיינע כתב־ידן. איך וועל מיר צומאָלן אַ פּאַנצער מיט בלי־זין פון אַ רוימישן לעגיאָנער. עווענטועל קאָנען מיר זיך פאַרשטעלן אַלס צוויי יידן, וואָס האָבן נאָר וואָס איינגעצאָלט די שטייערן...

די הויפּט־שוועריגקייט איז דאָן בלויז דער וועג. וועלן מיר זיך, ווי־עס־איז, אַריבערכאַפּן אַהין. אין אָוונט וועט מען נישט באַ־

מערקן. אין ערגסטן פאל קאנסטו זיך אנטון אין א פעסל, פונקט ווי דיאגענעס, און איך וועל מיך איינהילן אין א ליילעך אלס טאגא... דערפאר אבער דארטן, אויפן באל, זענען מיר דאך שוין די העלדן פון אוונט. דארטן וועלן מיר כאפן א הלוואהלע ביי א מעצענאטל. דארט וועסטו מיך דערקענען מיט דיין דעמאניש ווען מיט די עראָטישע זומער־שרעפנגלעך. און ביים בופעט וועלן מיר אויך עפעס כאפן אין מויל אריין, און עס וועט אוועק אן ארגיע פון ארגיע־לאנד. ווי עס פאסט פאר רוימישע העלדן... ווי געפעלט דיר מיין עצה?

דיין שפאכטעל.

## פון דיכטער צום מאלער.

טייערער שפאכטעל!

דו ביזט גענִיאל. דו ביזט גרויס, דו ביזט א ריזיגער טיטאן, א קאלאסאלער קאלאס! איך האב קיין ווערטער נישט אויסצודריקן דיר מיין באוואונדערונג.

אלזא, צום ווידערזען אויף אונזער קינסטלער־באל אין די פלאמען פון דער פייערדיגער וואקכאנאליע!

דיין באגייסטערטער פימפעל.

# ווי-אזוי מען מאכט פילם-בילדער ביי פארשידענע פעלקער.

## א יאפאנישער פילם.

א קליין גערטנדל מיט בלומען־בייטן אין געגנט פון יאקאהאמא. אויפשריפט: „צווישן די ריחות פון בעז און זאשמין״. 40 גיישעס, 23 פאפירענע לאמטערנעס, 2 סעמאריייען, איין אמעריקאנער קאנסול, מעקיאקברייען עסן רייז. דעם קאנסולס זון דזשא פארליבט זיך אין דער טאכטער פון א יאפאנישן טיי־פלאנטאטאר טשיקטשאקפוי. א לבנה־נאכט אויפן ברעג ים מיט כריזאנטעמען און פאפירענע לאמטערנעס, א ליבעס־סצענע. דריי יאפאנישע באנדיטן, אונטערגעשטעלט פון דעם מיידלס פאטער באקס. דעם קאנסולס זון אנטלויפט מיט זיין געליבטער אויף א מאטאר־שיפל. מען עסט רייז מיט פאפירענע לאמטערנעס. יאפאנישע ים־רויבער. ים־שלאכט. דאס פארליבטע פאר ווערט געפאנגען און געבראכט קיין נאגאסאקי. זיי ווערן צוגעשטעלט צום שאנד־סלופ. זיי דערווארט טויט־שטראף. זיי עסן רייז. דא קומט דער אמעריקאנער קאנסול, פארשטעלט זיך פאר א גיישע און באפרייט דאס אומגליקלעך־פארליבטע פארל. מען שיקט זיי אוועק אויף אן אמעריקאנער שיף מיט פאפירענע לאמטערנעס. אויפן וועג פארליבט זיך דזשא אין אן עמיגראנטקע פון גאליציען, און די יאפאנקע באגייט זעלבסטמארד דורך כאראקירי. דער נאמען פון דעמדאזיגן בילד דארף הייסן אומגעפער: „צווישן לאטאס־בלומען״, „דאס שטרענגע אויג פון געלן פאטער״, אדער „די זעלע געפאר פון כאראקירי״.

## א שפאַנישער פילם.

אין אַרגענע. 12 טאַרעאַדאָרן, 27 ווילדע אָקסן, א ציגאַרן־פאַבריק און אַן אָרימע אַרבעטערין דאַנאַ ציפּע זעלדאַנאַ. א זון פון רייכן שפּאַניער דאָן קאַזע דע אַלפּאַנסע פאַרליבט זיך אין דער ציגאַרן־מאַכערין. דאַנאַ ציפּע זעלדאַנאַ, 1 לבנה־נאַכט, צוויי גיטאַרעס און 3 סערענאַדעס, 7 טונקעלע פאַרשווינען, 70 שטילעטן און 6 קיך־טעסער. בלוטיג געשלעג. דער אַמאַנט ווערט געפאַנגען און די ציגאַרן־מאַכערין אַנטלויפט. א געפענגעניש מיט געקאַוועטע פענסטער. דאָן־קאַזע דע אַלפּאַנסע ליגט געשמידט אין קייטן. נאַכט. די ציגאַרן־מאַכערין דאַנאַ ציפּע זעלדאַנאַ קומט מיט א ווילדן אָקס, וואָס זי האָט אויסגעבאָרגט ביי א חברטאָרין דאַנאַ סאַנסאַ־פאַנטשאַ, און מיט א לייטער. זי גנבעט־זיך־אונטער אונטער אונטערן פענסטער פון תפיסה, שטעלט אוועק דעם לייטער איפן ווילדן אָקס, קריכט אַרויף, שטעלט־אָן די גיטאַרע און זינגט א סערענאַדע. צעבּרעכט די גראַטעס פון די פענסטער, צעררייסט די קייטן פון איר געליבטן און באַפרייט אים. זיי אַנטלויפן אויפן ווילדן אָקס. 6 מעטער פירעגנייען לאַנדשאַפט. גרעניץ. שלאַכט מיט די גרעניץ־וועכטער. זי שטאַרבט, ער דערשטעכט זיך מיט א שטילעט. דער נאָמען פון דעם בילד דאַרף הייסן „די רויטע פלאַכטע“, אָדער: „די לעצטע ליבע פון אַן אַלפאַנס“.

## א פראַנצויזישער פילם.

דאָס בילד הייסט אומגעפער אזוי: „אין די קאַטאַקאָמבעס פון פאַריז“, „די ליבע פון אַן אַפּאַש“, אָדער „אין דער אונטערוועלט פון מאָנמאַרטר“. אַן אָרים צימער אונטערן דאַך. אַן אָרימער מאָלער. א מאָדעלקע. זשאַנאַ פּיפּי. עראָטישע סצענע. עס קומט אריין דער הויזווירט. א סערזשאַנט מיט 5 דראַגונער. מען וואַרפט זיי אַרויס אויף דער גאַס. אייפל־טורם. א שניי־זאַווערוכע. די מאָדעלקע ווערט דערפרוירן. ער וואַרימט זי אונטער זיין פעלערינע און טראָגט זי אריין אין אַן אַפּאַשן־קעלער. 23 אַפּאַשן מיט גרויסע שאַליקעס אויף די העלזער מיט מעסערס און רעוואָלווערן אין די גאַרטלען, כאַפּן די באַקעטע פּיפּי און גייען טאַנצן אַן אַפּאַשן־טאַנץ. עראָטישע סצענע. דער מאָלער איז אייפערזיכטיג. אויפשרייט: „שטאַרק ווי די העלע

אין די אייפערזוכט". אַ כּעשלעג אויף מעסערם. דער מאָלער פאַרוואונדערט. די מאָדעלקע געפאַנגען אין די נעצן פון אַפּאַש. אייפּל־טורם. אויפשריפט: „אין אַ יאָר אַרום". פּיפּי — אַ גאַסן־פרוי. דער מאָלער אַ מאָנאַך אין „נאָטרדאַם". פּיפּי קומט זיך מתודה זיין צום מאָנאַך. ער דערקענט זי. זיי האָבן חתונה. זיצן אויפן אייפּל־טורם. קושן זיך און לעבן פון רענטע.

## אַנ'אַמעריקאַנער פילם.

טשאַרלי ליפּ, אַ בוטלעגער, געיאָגט פון פּאָליסלייט, פאַלט אַראָפּ פון אַן אעראָפּלאַן אויף אַ רוף־גאַרדען פון 65־שטאָקיגען הימעל־קראַצער. אַ געהיימע הוליאַנקע פון 400 מולטי־מיליאַרדערן. טשאַרלי ליפּ פאַרליבט זיך דאָ אין אַ טאָכטער פון אַ מאַגנאַט פון שנורע־וואַדלע־טראַסט, מיס רוט. אַבלאַווע. טשאַרלי ליפּ שפּרינגט פון דאַך מיט זיין געליבטער און פאַלט אַרויף אויפן פּאַסיפיק עקספּרעס־צוג, וואָס פליט קיין טשיקאַגאָ. 7 מעטער פּריירי־לאַנדשאַפט. דער פאָטער פון דער געליבטער, דער מאַגנאַט, אין דעטעקטיוו־אָפּיס. אָרגאַניזירט אַ געיעג. 15 דעדעקטיוום מיט ליולקעס. 210 קאָוובאָיס אויף פערד, 200 אינדיאַנער, 1000 שוואַרצע און 3000 פּאָליסלייט יאָגן זיך נאָכן עקספּרעס־צוג. דער צוג ברעכט־איין די בריק אויף מיסיסיפּי. עס פליט־פאַרביי אַן אעראָפּלאַן. זיי הענגען־זיך־אָן און פליען. דער אעראָפּלאַן ברענט. זיי פאַלן אַריין אין וואַסער. אַ געיעג. ביי די ברעגעס פון נאָרפאָלק שווימען זיי אַרויס. אַ שיסעריי. טשאַרלי ליפּ הרגעט, נישט־ווילנדיג, אַ שניידער פון אַטלאַנטי־סיטי. ווערט אַרעסטירט. אַ טורמע. געריכט. טויט־שטראָף. מען פירט אים צום עלעקטריק־טשער. מען לאָזט אויף אים דעם עלעקטרישן שטראָם. זיין געליבטע פליט מיט לינדבערגן אין וואַשינגטאָן. דאָס ווייסע הויז. מיס רוט בעט באַגנעדיגונג ביים פּרעזידענט. ער באַווילִיגט. מיס רוט פליט מיט דער באַגנעדיגונג און ראַטעוועט איר חתן אין דער לעצטער סעקונדע. אויפשריפט: „אין אַכט יאָר אַרום". זיי קושן זיך. דערביי שפּילן זיך 12 קינדערלעך און 7 הינער. דאָס בילד הייסט: „אין די פלאַמען פון ליבע", אָדער „דער עקספּרעס פון ליידנשאַפט".

## א דייטשער פילם.

א מאשינען־פאבריק. פארשידענע אפטיילונגען. גיסעריי, טאָ־
קעריי, שלייפעריי. מאשינען־לאגער. אויפשריפט: „מייד אין דזשווי־
מעני". פארטרעט פון הינדענבורג. מאקס — אן ארבעטער־מעכא־
ניקער. 5 א זייגער סיגנאל פון דאמף־פייפל. ארבעטער גייען פון דער
ארבעט. פיס גייען, גייען פיס. מאסן־פיס. טרעטן, גייען. מאקס גייט
אויך... א גרויסווארן־הויז. פארשידענע אפטיילונגען: וועש, מעבל,
געשיר, בגדים, פיאנאס. פריילין בערטא — א זאקן־פארקויפערין. א
דירעקטאר ליבט זיך אין איר. וויל איר געבן א קניפ. זי לאזט זיך
נישט. 5 אזייגער. א גלאק. מיידלעך גייען אהיים. פיס גייען, גייען
פיס. מאסן־פיס. בערטא גייט אויך. באר „אשינגער". מאסן־סצענע.
מען עסט ווארשטלעך און מען טרינקט ביר. מאקס און בערטא.
מאקס גיט איר צו עסן א סך ווארשטלעך. א ליבעס־סצענע. ער
קוקט אויף איר און זי אויף אים. פרידריך־שטראסע. דער דירעקטאר
ווארט־אפ בערטאן. לייגט־פאר אריינגיין מיט אים אין א באר. זי
וויל נישט. ער זאגט איר־צו צו געבן א סך ווארשטלעך. זי איז
מסכים. גייען אריין אין א ביר־האלע. מאסן־סצענע. מען עסט
ווארשטלעך. דער דירעקטאר גיט בערטאן א סך ווארשטלעך.
קומט־אן מאקס, באשליסט צו נעמען נקמה. דירעקטאר און בערטא
אין אויטא. לונא־פארק. גייען אין א דאנסינג. עסן ווארשט און
טאנצן. גייען ארויס, זעצן זיך אויף א קארוזעלע. נעמען זיך דרייען.
מאקס גנבעט־זיך־אונטער, מאכט קאליע דעם מעכאניזם פון דער
קארוזעלע. דירעקטאר און בערטא ווערן געהרגעט. מאקס גייט. זיינע
פיס גייען. פארצווייפלטע פיס. א קנייפע. מאקס קוקט מיט א טריבן
בליק. קוקט. טרינקט ביר, עסט־זיך־איבער מיט ווארשטלעך און
שטארבט. דער נאמען פון בילד: „מאסן־ווארשט", אדער: „די מא־
שינען־ליבע".

## א רוסישער פילם.

אן ארים צימער. ביכלעך. סעריאזשא — א סטודענט. נאטא־
שא — נייטארין. א ליבעס־סצענע: לעזן צוזאמען א בוך. אויפ־
שריפט: „די עקאנאמיש־סאציאלע פארהעלטנישן און די פראדוק־

טיווע כחות פון פראָלעטאַריאַט אין כינע". אויפשריפט: „עי, אוכניעם!". אַ רעוויזיע. 1 אָקאָלאָדאָטשני נאַדזיראַטעל, 23 זשאַנדאַרמען און 48 וואָנסעס. סעריאָזשאַן פירט מען אַוועק, און נאַטאַשאַן גיט מען אַ געלן פּאַספּאָרט. 100 מעטער סיביר־לאַנדשאַפט. מען פירט אַ פּאַרטיע אַרעסטאַנטען. גייען פיס, מענטשן־פיס, פערד־פיס. סעריאָזשאַ גייט אויך. אויפשריפט: „עי, אוכניעם!"... פּעטערבורג. אַ קעלער. אַ געהיימע זיצונג. 30 באַבערדלטע פּאַרשוינען מיט לאַנגע האָר, אין העמדלעך. נאַטאַשאַ רעדט, רופט. אויפשריפט: „עי, אוכניעם!". מען גייט. גאַס. מאַסן־סצענע. 100 מענטשן מאַכן מיט די הענט — רעוואָלוציע. נאַטאַשאַ ווערט פּאָד־פּולקאָווניק פון דער רויטער אַרמיי... קאַטאָרגע. סעריאָזשאַ האַקט אין שטיינער. מאַכט מיטן מויל. אויפשריפט: „עי, אוכניעם!". אַמנעסטיע. אַ צוג. סעריאָזשאַ פאָרט. אויפשריפט: „אַהיים". כאַרקאָוו. סעריאָזשאַ זוכט זיין נאַטאַשאַן. קאָן זי נישט געפינען. פאַרצווייפלונג. ער טרעט אַריין אין דער רויטער אַרמיי און דערקענט אין דעם פּאָד־פּולקאָווניק זיין נאַטאַשאַן. לעניגס פּאָרטרעט. זיי רעגיסטרירן זיך אין חתונה־אַמט. אויפשריפט: „אין 10 יאָר אַרום". אידיליע. סעריאָזשאַ אַרבעט אין סאָוונאַרכאָז. נאַטאַשאַ — אין „נאַרפּראָדקאָם". דערביי שפּילן זיך צוויי קינדער. איינס הייסט קאָמיונג. דאָס צווייטע: קאָמסאָמאָל. לעניגס פּאָרטרעט. דאָס בילד הייסט אומגעפער: „די סאָוויעטישע ליבע", אָדער „דער רויטער אויפשטאַנד".

## אַ פּויליש<br>ער פילם.

דאָס בילד הייסט: „דאָס געהיימניש פון אַ מאַטשעוויקע", „דאָס געהיימניש פון אַן אַלטן קאָלאָש", אָדער: „דאָס געהיימניש פון אַ טראַמוויי־קאָנדוקטאָר". אַ גוט אין סקערניעוויצער פּאָוויאַט. אַן אַלטער גוט־באַזיצער מיט לאַנגע וואָנסעס. ער גייט אויף יאַגד. פויערים און שיקסעס בויגן זיך אין באַגריסן. אויפשריפט: „דזיען דאָברי, יאַסנאָוועלמאָזשני פּאַניע!". דער פריץ האָט אַ זון סטאַשעק און אַן אַדאָפּטירטע טאָכטער, פּאַננאַ סמורסאַרסקאַ. זיי ליבן זיך. פאָרן, רייטן אויף פערד. רוען־זאָפ און פאָרן ווייטער, רייטן אויף פערד. פרילינג. פּאַננאַ סמורסאַרסקאַ, אין אַ ווייס קליידל און אַ ביכל „מיצקעוויטש" אונטערן אָרעם, רייסט בלומען. אַ הונט. פאָרן

רייטנדיג. אַ ראָזעווער זונען־אונטערגאַנג. אַ טייך. די פאַרליבטע שיפן זיך אויף אַ שיפל. ליבעס־סצענע. זעצן זיך אויפן ברעג טייך. ליבעס־סצענע. דער אַלטער פּריץ קומט־אָן פון יאַגד. טרעפט זיי. טרייבט זיי אַרויס. פאַננאַ סמורסאַרסקאַ גייט אויף ווילאַנאָווער שאָסע, איז מתפלל ביי אַ ווענ־סלופּ מיט אַ הייליג בילד. נאָכדעם לויפט זי, אַ שטורם־ווינד. סטאַשעק לויפט־נאָך. וואַרשע. סקאַרישעווסקיס פּאַרק. זיי זעצן זיך אויף אַ באַנק. אַ ליבעס־סצענע. אויאַזדאָווער אַלעען. זיי זעצן זיך אויף אַ בענקעלע. אַ ליבעס־סצענע... מלחמה. סטאַשעק גייט אויפן פראָנט. ווערט פאַרוואונדעט. זי — אַ קראַנקען־שוועסטער. עס קומען באָלשעוויקעס. ווילן פאַנגען פאַננאַ סמורסאַרסקאַ. נאָר דאָ באַווייזט זיך אַן עסקאַדראָן פּוילישע אַלאַנער אויף פערד, און דער עולם פּאַטשט בראַוואָ.

## אַ יודישער פילם.

אסתר־תענית. אַ בית־עולם. מען זאָגט קדיש. אַ יתומה חוה־חבורה און אַ חתן־בחור אין פאות און אַ שפּיציג בערדעלע — זלמן־פּיניע. ליבן זיך. זי באַקט אים אויס אַ המן־טאַש. ער קנייפּט דעם המן־טאַש און קוקט אויף אים מיט אַ חנדל. זי ציפּט אים ביים ציגן־בערדל און קוקט צוריק מיט אַ חנדל. זיי ליבן זיך. ער לייענט די מגילה (אַ פאַרגרעסערונג פון „ויזתא“). זי שלאָגט המנען. אַ ליבעס־סצענע. זיי מאַכן אַ ראַנדעוואו הינטערן מרחץ. עס גייט פאַרביי אַ פּריץ און פאַרליבט זיך אין חוה־דבורהן: חתן־כלה אַנטלויפן אין אַ בויד קיין טשעכאַנאָוו. אַ קרעטשמע. אַ חתונה. 211 בערד שיטערע, געדיכטע, ציגענע, געשוואָלענע און סתם בערד. 142 לאַנגע פאות, 150 שטריימלעך, ספּאָדיקעס און יאַרמולקעס. אַ שטאָט־משוגענער. שבע־ברכות. מען עסט לאָקשן. עס קומט אַריין דער פּריץ זייער בייז. ער סטראַשעט מיט בלוט־בלבול. מען גיט אים עסן לאָקשן מיט קרעפּלעך, ער ווערט אַ יידן־פריינט און קושט זיך מיטן שמש. מען מאַכט אים „מי שברך“ און מען עסט לאָקשן. עס קומט אַריין אַן אַמעריקאַנער פעטער, גיט זיי אַ מיליאָן דאָלאַר און מען פאָרט קיין אַמעריקע. אַ שיף אויפן ים. פונוויטן „די סטאַטשו אָף ליבערטי“. דער נאָמען פון בילד: „דער פּריץ אַלס סנדיק“, „די מלוה־מלכה אין קרעטשמע“ אָדער „דער פּאַן כאָנדריצקי עסט לאָקשן“.



# אז איך האָב פיינט און קאָן נישט פאַרליידן און וויל נישט און האָב קיין געדולד נישט!

... אז מיר ווילט זיך נישט, למשל, צו פאַרנעמען זיך מיט דער פראַגע וועגן „ליטעראַטור־קריטיק“ און וועגן קריטיקער, גייט ער, דער קריטיקער, צו אַלדע גוטע יאָר! און איך וויל נישט לייענען די באַריכטן פון דער פעלקער־ליגע און וועגן די פויליש־ליטווישע אונטערהאַנדלונגען — און טוט מיר עפּעס! איך פויל מיך אויפשניידן די בלעטער פון די נאַר־וואָס אָנגעקומענע „ליטעראַרישע בלעטער“. א חוץ דאָרט צום סוף, אפשר וועל איך טרעפן מיין נאָמען אין דער כראָניק. און עס גלוסט זיך מיר נישט צו צאָלן מיטגלידס־אָפּצאָל פאַר מיין פאַריין, פאַר די קראַנקען־קאַסעס, גמינע־עטאַטן, פאַר די אַסעקוראַנץ־געזעלשאַפטן, אין די אָרגאַניזאַציעס. און עס ווילט זיך מיר נישט שרייבן אָן אַן אַוואַנס, מיט אַן אַוואַנס און אַ פשיטא שוין ווען איך האָב באַקומען דעם גאַנצן האָנאָראַר פאָרויס. און עס ווילט זיך מיר נישט צאָלן קיין אַלטע חובות און יונגע אויך נישט און איך האָב קיין געדולד נישט צו שטופּן אַ ספּינקע אין אַ פרישן אָנגעקראָכמעלטן קאָלנער, און האָב פיינט אַ זאַלץ־מעסטל מיט פאַרשטאָפּטע לעכלעך. און האָב פיינט צו שמירן געפרוירענע פּוטער אויף ווייכן ברויט, איך האָב פיינט, אַז בשעת איך גיס טיי פון טשייניק, זאָל מיר אַראָפּפאַלן דאָס דעקל. און איך וויל נישט קויפן קיין „בלימל“ אז גאָט זאָל זיך מרחם זיין. און איך וויל נישט עסן וועגעטאַרישעס עסן, און איך האָב פיינט צו שרייבן רעקאָמענדאַציע־בריוו, און איך וויל נישט לייענען וועגן קריזיס אין דער יידישער ליטעראַטור, און וויל נישט דיסקוטירן, צי די יידישע ליטעראַטור גייט באַרג־ארויף

אַדער באַרג־אַראָפּ, און איך פֿײל מיך צו ענטפֿערן אױף אַנקעטעס, און איך װיל נישט אױפֿשטײן אין טראַמװײ און איבערלאָזן מײן פּלאַץ אַן אַלטער ײדענע, און װיל נישט באַגלײטן אַ מיאוס מײדל אױף טשערניאַקאָװסקע גאַס 12 אַזײגער בײנאַכט און אַפֿילו 10 אַזײגער בײטאָג אױך נישט, און איך האָב פֿײנט צו הערן, װען מען פֿרעגט מיך: „װאָס שרײב איך?" און „צי שרײב איך פֿון שורה צי פֿון אַרטיקל?", און „צי איז דער טונקעלער מײן אמתער נאָמען, צי נאָר אַ פּסעװדאָנים, און אױב דאָס איז מײן פּסעװדאָנים — טאָ װי איז מײן אמתער נאָמען?".

איך האָב נישט ליב צו פֿאָרן צום נאָרד־פּאָל און װיל נישט איבערשװימען דעם לאַמאַנש־קאַנאַל און װיל נישט פֿליען מיט אַן עראָפּלאַן צו דער אינזל יאַװאַ, און נישט קײן מעקסיקע, און אַפֿילו נישט קײן פּאַראַגװאַי, און װיל זיך נישט באָדן אין װײסל אין אַ פֿראָסט פֿון 36 גראַד צעלזיוס, און האָב פֿײנט, אַז אַ לאָקאָמאָטיװ טרעט מיר אָן אױפֿן פֿוס, סכנות־נפֿשות. און איך האָב פֿײנט צו דעבאַטירן, צי מיר האָבן אַ ײדיש טעאַטער, און װאָס איז קונסט און װאָס איז שונד און װאָס איז אינטעליגענץ.

איך האָב פֿײנט, אַז װען כ'פֿרעג „װי שפּעט איז יעצט?" — זאָל מען מיר ענטפֿערן „װי נעכטן אין דער צײט". און אַז איך פֿאַר־שפּיל אין קאָרטן, זאָל מען מיך טרײסטן: „אײך גײט אין ליבע".

איך האָב פֿײנט, אַז מײן פֿיל־פֿעדער איז פֿאַרטריקנט און קאָן נישט שרײבן, און איך מוז שאָקלען און פֿאַרשפּריצן מײנע װײסע הױזן; איך האָב נישט קײן כּח צו לעזן ראָמען ראָלאַן און רײזפּעדערס נאָװעלן און ד"ר שיפּערס „געשיכטע פֿון טעאַטער", און ראַבינדראַנאַט־טאַגאָרע, און נח פּרילוצקיס פֿילאָלאָגיע, און די באַריכטן פֿון ײדישן װיסנשאַפֿטלעכן אינסטיטוט, און ראָזענשטרײכס עקאָנאָמישע אַרטיקלען.

איך װיל נישט לערנען שפּראַכן דורך ראַדיאָ און הערן „קאָ־מוניקאַטי ראַליניטשע" און לײענען די אַנאָנסן אױפֿן עקראַן אין קינאָ, און זיך ראַזירן מיט טעמפּע „זשילעט"־מעסערלעך, און האָב נישט קײן געדולד זײ צו שאַרפֿן, און האָב פֿײנט, אַז דער ראַזירער רעדט אין מיר אַרײן װעגן פּאָליטיק, ציר"ק, װאָלקעס, שרײבער

ספאָרט, טראָצקי, סיים, גרינבוים, סיראָטאַ, מוסאָליני, און איך האָב פיינט, אַז מען שפּאַרט מיר אַ קינד אויף די הענט און אַז דאָס קינד רייסט מיר די ברילן.

איך האָב פיינט גיין מבקר־חולה־זיין אַ חולה אויף „גריפּע״, סוכאָטע, לונגען־אַנטצינדונג, קרעבס און אַנדערע קרענק. איך האָב פיינט אַ צילינדער־הוט, וואונדער־קינדער, נודניקעס, הינער־אויגן. איך האָב פיינט „קונטראָל״, גומענע קראַגנס און „עספּעראַנטאָ״. איך האָב פיינט, אַז אַ דיכטער גראַמט מיר „הערץ״ מיט „שמערץ״, „הי־מעל״ — „דרימעל״, „רוים״ — „טרוים״, און איך האָב פיינט די ווערטער: „בין־השמשות״, „דעמערונג״, „געשפּענסט״, „ספּאָנטאַן״, „נאַכטיגאַל״ און „אַנבעטראַכט״, און איך וויל נישט אויסטון מיין מאַנטל אין צוקערניע ביי דער שאַטניע, בפרט נאָך, אַז דער דינער איז עלעגאַנט און מיין מאַנטל איז אָפּגעטראָגן און אָן אַ הענגער, און וויל נישט צאָלן קיין טרינקגעלט, און האָב פיינט, אַז אַ מאַנס־ביל קושט מיך, און איך האָב פיינט, אַז מען רעדט מיט מיר און מען שפּייט מיר אין פּנים, און איך דאַרף מיך נאָך שעמען אָפּצווישן. איך וויל נישט שטודירן איינשטיינס נייע טעאָריע, און די אַלטע אויך נישט, און איך האָב נישט ליב צו זוכן אַ וואָרט אין ווערטער־בוך, און טאָמער געפין איך שוין דאָס וואָרט, זאָל עס מיך אָפּשיקן: „זע ווייטער״, און אַז איך קום שוין צו דעם „ווייטער״, שיקט עס מיך אָפּ: „זע צוריק״. וואָס בין איך עפּעס, אַ פּילקע, וואָס מען וואַרפט זיך מיט מיר? און איך האָב פיינט, אַז מען שטעלט מיך אָפּ אויף דער גאַס צו פאַרהויכערן אַ פּאַפּיראָס, און אַז אַ פרעמדער פאַרשווין זעצט־זיך־צו צו מיין טישל אין רעסטאָראַן, און איך האָב פיינט, אַז מען נודיעט מיר, און איך האָב פיינט צו נודיען אייך און האָט מיר אַ גוטן!

# א דאָקטאָר דאַרף מען פאָלגן!

דער דאָקטאָר צוויבאַק האָט מיר געגעבן א זעץ אונטערן לעפעלע און געפרעגט:

— טוט ווי?

— געוויס, — האָב איך געענטפערט, — עס טוט וויי.

נאָכדעם האָט ער מיר געגעבן א קוועטש מיטן קנאָכן פון זיין גראָבן פינגער צווישן דער זעקסטער און זיבעטער ריפּ און ווידער געפרעגט:

— טוט ווי?

— עס טוט ווי, — האָב איך געענטפערט מיט א פאַרקרימטן קול...

— איר זענט קראַנק. איר זענט א חולה. א שטאַרקער חולה! — האָט ער געזאָגט און געקוקט אויף מיר מיט א פּאָר טרויעריקע אויגן פון אָן אָקס פאַר דער שחיטה. — איר זענט ערשעפּט. אָנגעשטרענגט. נערוועז... איר מוזט תיכף־ומיד פאָרן קיין אַטלאַנטיק אויף גאַנצע צוויי וואָכן. א טאָג נישט ווייניגער. נישט אַרבעטן. נישט אָנשטרענגען זיך. נישט אויפרעגן זיך. איך פאַרבאָט אייך אפילו צו לעזן. איר פאַרשטייט?

— איך וועל אייך זאָגן דעם אמת, הער דאָקטאָר, — האָב איך געזאָגט, — איך בין אין אזא לאַגע, וואָס איך טאָר גאָר יעצט נישט קרענקן: איך האָב א טור צו מאַכן איבער גאַליציען. 10 פאָרלעזונגען האָב איך צו האַלטן אין פאַרשידענע שטעט.

— איר ווילט, הייסט עס, זיך נעמען דאָס לעבן, באַגיין זעלבסטמאָרד. טאָ וואָס באַדאַרפט איר האָבן א דאָקטאָר צו פאַרדרייען

אים דעם קאָפּ? אַ־מער נעמט און שפּרינגט אַרויס פון פענסטער און — אַראָפּ פון מאַרק!

— איך בין אָבער פאַרבונדן מיט מיין אימפּרעסאַריאָ מיט אַ קאָנטראַקט, פאַניע דאָקטאָר.

— אָבער וואָס גייט מיר אָן אייער אימפּרעסאַריאָ מיט אייערע קאָנטראַקטן. איר פרעגט דאָך ביי מיר אַן עצה פון אַ דאָקטאָר, טאָ זאָגט אייך דער דאָקטאָר מיטן האַרבן וואָרט: תיכף־ומיד אַרויס־פאָרן קיין אָטוואָצק. ווילט איר נישט — דאַרף מען נישט. וואָס ווילט איר פון מיר האָבן?

— אָבער, הער דאָקטאָר. מיין אימפּרעסאַריאָ איז נישט קיין רייכער מאַן. ער האָט געמאַכט קאָסטן. ער האָט געדונגען זאַלן. גע־קלעפּט אַפישן, פּלאַקאַטן, געדרוקט פּראָגראַמען, צעטיילט פלוג־בלעטלעך. אין אַ סך שטעט זענען שוין די בילעטן אויספאַרקויפט. איך אַליין האָב שוין אַפילו דעם באַן־בילעט אין קעשענע. היינט 9 אַזייגער אָוונט דאַרף איך אַרויספאָרן קיין לעמבערג. אַזאַ סקאַנדאַל, אַזאַ היזק!

— און אַז איר וועט שטאַרבן אונטערוועגס, ווי אַ הונט, — איז בעסער? כ׳מיין, איר ווילט זיין אייער אייגענער מלאך־המות. טאָ זייט אייך געזונטערהייט און פאַרדרייט מיר נישט דעם קאָפּ! איך נעם פון זיך אַראָפּ די גאַנצע אחריות... איר ווייסט דען, וואָס מיט אייך איז? וואו איר האַלט אין דער וועלט? אַ ליאַדע מינוט און...

— אָבער... —

— נישטאָ קיין „אָבער". איר זאָלט אַרויסשלאָגן פון אייער קאָפּ דעם גאַנצן טורנע מיט די שטעט, מיט גאַליציען. גייט עס צו אַלדע רוחות! איר זאָלט תיכף אַרויספאָרן קיין אָטוואָצק! איר הערט? און טאַקע די רגע. וואָרום נאָך אַביסל, וועט מען אייך דאַרפן פירן אַהין אין אַ „פאַגאַטאָוויע"־קעטשל... פאַרשטאַנען?

— אַזאַ טורנע, אַזוי גוט אָרגאַניזירט. אַזוי גוט איינגעאָרדנט... אַזאַ אומגליק! — האָב איך געקלאָגט ווי אַן אָבל.

— איבעריגנס, דער טור וועט נישט אַנטלויפן. אויב גאַליציען וויל הערן אייערע חכמות, וועט זי עס הערן מיט צוויי וואָכן שפּע־

מער. עס וועט נישט אנטלויפן. דערווייל אָבער מוזט איר געזונט ווערן. איך וועל אייך פאַרשרייבן צוויי רעצעפטן, און אַ דיעטע וועל איך אייך פאַרשרייבן. נישט עסן קיין פלייש, נישט קיין קאַלטע, נישט קיין הייסע, נישט טרינקען קיין שנאַפּס. עס איז פאַר אייך סם־המות. גיין פרי שלאָפן. נישט עסן פאַרן שלאָף. עסט איר פאַרן שלאָף, קוילעט איר זיך אַוועק אָן אַ מעסער. און דער עיקר — רוען, רוען, רוען, וואָס מער ליגן אין בעט. איר טאָרט אפילו נישט רעדן קיין סך... און אַז איר וועט טון דאָס, וואָס איך זאָג אייך, וועט איר זען, ווי איר וועט אויסזען אין צוויי וואָכן אַרום. איר וועט זיך אַליין נישט דערקענען. נו, זענט מיר געזונט. נעמט גלייך און פאָרט אַוועק קיין אַטוואַצק און גערעדנקט, וואָס איך זאָג אייך אָן. אַדיע!

---

דער דאָקטאָר איז אַוועק און איך בין געבליבן ליגן אין בעט. איך בין געלעגן און זייער אויפמערקזאַם זיך צוגעהערט צו דעם אײַנערלעכן צושטאַנד פון מיינע רמ"ח אברים ושס"ה גידים. ווי שפּיר איך זיך? בין איך טאַקע חרב, ווי דער דאָקטאָר זאָגט? איז טאַקע אוממעגלעך, איך זאָל זיך מיט אַט דעם גוף מיינעם, ווי ער איז, זיך לאָזן אויף אַ טור? און אפשר? דאַכט זיך, אַז איך וועל נאָך זיין בכח צו פאָרן כאָטש אין איין שטאָט. לאָמיר זאָגן — קיין לעמבערג. נאָכדעם וועלן מיר זען. וועל איך דאָרט קראַנק ווערן, וועל איך מיך, דאַכט זיך, לעגן אין אַ שפּיטאָל. מען קאָן אין לעמבערג אויך קרענקען. למאי נפקא מינה? פּרוּוון קאָן מען. ביז לעמבערג וועל איך נאָך האָבן כחות צו דערפאָרן, און דאָרט וועלן מיר זען.

ביני לביני דאַרף מען איינפּאַקן די זאַכן. לאָמיך זיין גרייט.

מעכאַניש בין איך אַראָפּ פון בעט, איינגעפּאַקט מיין טשעמאָדאַן מיט די כתבים און צוריק זיך געלייגט אין בעט אַריין. געלעגן אַ פּאָר מינוט און ווידער אויפגעשטאַנען, הערכגעגאַנגען זיך איבערן צימער. געמאַכט אַ פּאָר גימנאַסטישע באַוועגונגען. בין איך נאָך גענוג קרעפטיג? דאַכט זיך — יאָ.

האַלב ניין אַזייגער. ניין גייט אָפּ מיין צוג. עפּעס ווי נישט

מערקנדיג, האָב איך גענומען מיין טשעמאָדאַן און נישט מערקנדיג זיך געלאָזט גיין. אַריין אין אַ טאַקסי און אָט בין איך שוין אויפן וואָקזאַל. איך זיץ שוין אין וואַגאָן. איך פאָר.

אַ גאַנצע נאַכט האָב איך נישט געשלאָפן: נישט געווען קיין אָרט. די ביינער האָבן מיר געבראָכן, סכנות־נפשות. איך האָב שוין אייגנטלעך באַדאַרפט זיין געשטאָרבן. נאָר איך לעב נאָך... אָט איז שוין לעמבערג. ווי פיל איך זיך? קאָן איך אַרויסגיין פון וואַגאָן? צי איך קאָן, צי איך קאָן נישט, פון וואַגאָן דאַרף מען אַרויס.

איך בין שוין אין האָטעל. איך האָב נאָך כח אויסצופאַקן מיינע זאַכן. נאָר וואו זענען די רעצעפּטן? איך וועל זיי דאָ באַשטעלן. על־כל־פנים זענען דאָך אין לעמבערג אויך פאַראַן אַפּטייקן. מען קאָן זיך דאָ דערווייל קורירן מיט רעצעפּטן. נישטאָ די רעצעפּטן, משמעות פאַרגעסן זיי אינדערהיים. מילא. וועלן מיר דערווייל זיך היילן מיט דער דיעטע.

געקומען מיין אימפּרעסאַריאָ. ער רופט מיך אויף מיטאָג. איך הער מיך איין צו מיין אינערלעכן קול־הבריאות. האָב איך אַפּעטיט? וואָלט איך יעצט געגעסן? יאָ. דאַכט זיך, אַז איך וואָלט יעצט עפּעס געגעסן... מיר גייען אין רעסטאָראַציע. מיט דער דיעטע אין דער פרעמד איז אַביסל שווערלעך. מילא, וועלן מיר די דיעטע פאַרבויגן; עסן וואָס עס מאַכט זיך: פיש — איז פיש, פלייש — איז פלייש. אַביסעלע שנאַפּס. אַ ביפשטעקס מיט ציבעלע, זופּ מיט קניידלעך, פודינג, שוואַרצע קאַווע. עס לאָזט זיך עסן... שטייט נור, ווי פיל איך זיך? דווקא נישקשה און אַביסל פרייליך אויך. על־פי דאָקטאָריע האָב איך שוין באַדאַרפט קריגן בויך־קרעמפּן און שטאַרבן, נאָר איך לעב נאָך.

אין האָטעל זענען געקומען געסט. יונגע ליטעראַטן. זיי לייענען מיר זייערע דראַמען, פּאָעמען, נאָוועלן. איך טראָג עס אַלץ איבער. משמעות איך בין נאָך גענוג שטאַרק... מען שלעפּט מיך צו באַזוכן אינסטיטוציעס. זיבן אינסטיטוציעס האָב איך באַזוכט. אין אייניגע האָב איך באַדאַרפט אויסהערן באַריכטן און ענטפערן מיט רעדעס. איך לעב נאָך.

אָוונטס. איך טו מיך איבער אין מיינע אָוונט־קליידער, מען

גייט שוין מיך נעמען אין זאל אריין, און אַט בין איך שוין אויף דער בינע. איך ליי̆ען, איין זאַך, אַ צווייטע, אַ דריטע. צוויי שעה נאָכאַנאַנד לייען איך. איך בין שוין פאַרשוויצט. ביים ארויסגאַנג איז קאַלט. איך וועל מיך פאַרקילן. איך וועל זיכער כאַפּן אַ לונגען־אַנטצינדונג און וועל שטאַרבן. שטאַרבן אין אַ פרעמדער שטאָט. דער דאָקטאָר האָט געהאַט רעכט. אַ מצווה אויף מיר... איך פרוּוו אַריינטויכן אין מיין אינעווייניג. איך וויל קאָנטראָלירן מיין גע־זונטצושטאַנד, נאָר מען שלעפּט מיך אויף אַ באַנקעט. מען האָט באַדאַרפט גאָר, אייגנטלעך, גיין שלאָפן. בין איך אַ גזלן אויף זיך אַליין. איך זיץ גאָר נאָך האַלבע נאַכט און מאַך לחיים, און עס דאַרע קישקע. און טרינק ביר, און האַלט הרשות, און יהער־אוים אַנדערע הרשות. משמעות, איך בין שטאַרקער פון אייזן...

וועל איך איבערלעבן די נאַכט? איבערגעלעבט. באַגינען. מיין אימפּרעסאַריאָ וועקט מיך. מען דאַרף פאָרן קיין סטאַניסלאַוואָוו. היינט אָוונט דאַרף איך דאָרט האַלטן מיין פאָרלעזונג. קיין אַנ־דער צוג איז האָרט אין משך פון טאָג נישטאָ. מען מוז פאָרן איצט. אין דרויסן ברענט אַ פראָסט. בררר!... אין וואַגאָן איז קאַלט, נישט געהייצט. קוים וואָס מען שלעפּט זיך. אין דרויסן איז אַ זאַווערוכע. דער צוג בלייבט שטיין אינמיטן פעלד... מיר איז קאַלט. איך פריר. מיר שטייען צווישן שניי־בערג. ס׳הונגערט מיך. מיר שטייען אַ שעה, צוויי, דריי, פינף. מיין אימפּרעסאַריאָ ברענגט מיר פון־ערגעץ אַ שטיקל פאַרשימלטן קאַלבאַס, מיט אַ קוואָרט קאַלט וואַסער. איך עס און פריר און פּלאַץ פון אומגעדולד און פון פאַרדרוס.

אַ נס. אָוונט־צו געקומען קיין סטאַניסלאַוואָוו. קוים באַוויזן זיך איבערצוטון, און לויף. איך בין שוין אין זאַל און לייען שוין ווייטער. צוויי שעה נאָכאַנאַנד לייען איך. נאָכדעם ווידער אַ באַנקעט, ווידער שנאַפּס, הערינג־סאַלאַט, מאַיאָנעז, קאַלטע פליישן, קליסקעס, ביר. ווידער נישט געשלאָפן. באַגינען ווידער געפאָרן. געפּאַקט זיך, און געפאָרן קיין קאָלאָמעאַ, פון קאָלאָמעאַ קיין סאַמבאָר, פון סאַמ־באָר קיין זלאָטשעוו, קיין טשאָרטקאָוו, פון טשאָרטקאָוו קיין באָלי־כאָוו, פון באָליכאָוו קיין סטרי — ניסעו ויחנו, געשלעפּט זיך אויף

פארשנייטע וועגן, געשטאנען אין די פעלדער, געקראכן צו־פוס אי־בער שניי־בערג, וואו געטאגט — נישט גענעכטיגט, נאכט און נאכט זיך געריסן דעם גארגל, געשוויצט, געפרוירן...

און אט אזוי אפגעפלאגט זיך צוויי וואכן! געלויבט צו גאט, איבערגעקומען. געפטרט דעם טורנע און געקומען אהיים.

---

אראפ פון באן און גיי אהיים. איך גיי צו פוס. עפעס פיהל איך, אז איך קאן גיין צו־פוס. איך טראג מיין טשעמאדאן און מאר־שיר האפערדיג איבער די היימישע גאסן. און פלוצלונג באגעגן איך — טרעפט וועמען? מיין דאקטאר צוויבאק. ער קומט מיר אנט־קעגן. זיין פנים צעשטראלט זיך, ווי די זון אין פרילינג. ער צעשפרייט די ארעמס און פאלט צו מיר צו מיט אזא גדולה, ווי א ברודער צו א צווייטן פארלוירענעם ברודער:

— האלא!! דאס זענט איר?! פונוואנען קומט איר?! פון אטוואצק? הא? — פון אטוואצק, — האב איך מיט אראפגעלאזטע אויגן בגנבה דורכגעשמוגלט אן ענטפער.

— פון אטוואצק? נו, זעט איר! איר זענט גאר אן אנדער מענטש געווארן! זעט נור, וואס פאר א פאר פיסקעס איר האט באַ־קומען! זעט נור א פאר באקן! אט אזוי האב איך ליב... ווילאנ־זשע זענט איר דארט געזעסן אין דעם אטוואצק? צוויי וואכן?

— צוויי וואכן...

— אט אזוי. דאס פארשטיי איך. און די רעצעפטן מיינע גע־נומען? און די דיעטע אויסגעפירט? הא? אלץ ווי עס דארף צו זיין?

— אלץ ווי ס׳דארף צו זיין.

— מאלאדיעץ! — האט ער מיר געקלעפעלט אויף די אק־סלען. — אט אזוי איז גוט! זעט איר שוין, אז מען דארף פאלגן א דאקטאר! הא? איצט זענט איר א לייט! וואו וואלט איר שוין יעצט אנגעשטעקט, ווען איר פאלגט מיך נישט? א דאקטאר דארף מען פאלגן...

און א גליקלעכער האט ער מיר געדריקט די האנט, זיך גע־זעגנט און איז אוועק.

# דער פראָסט אַלס שדכן.

## אַ ראמאן פון די גרויסע פרעסט אין ווארשע, אין 5 טיילן, מיט א פראלאג און עפילאג.

### פראָלאָג.

אזוי איז שוין די טבע פון דער ליבע: דער, וועמען מיר ליבן, ליבט אונז נישט; און דעם, וואָס ליבט אונז, ליבן מיר נישט.

דאָס וועט אייך באשטעטיגן יעדער אינטעליגענט און באַלע־וועגער מענטש, וואָס האָט זיך אָנגעלייענט מיט קאָפּ א סך ביכער און ראָמאַנען.

דאָס נעמליכע איז אויך געשען אין אונזער ראָמאן, וואָס מיר גייען אייך דערציילן.

### ערשטער טייל.

משה־כאַצקעל דער קוילן־הענדלער, וועלכער איז פון נאַטור אליין אויך געווען שווארץ־הויטיג, און וועלכן מען האָט גערופן אין געסל „דער שווארצער יונגערמאַנטשיק", איז געבעך א לענגערע צייט ארומגעגאַנגען נאָך מער פארחושכט און פארשווארצט, נישט אזוי פון דעם קוילן־שטויב, ווי פון אן אומגליקלעכער ליבע.

שוין א יאָר צייט ווי משה־כאַצקעל איז פארליבט מיט די פלאַמען פון העלישער ליבע אין דער אלמנה העניע־דאָבע, וואָס וואוינט אויף דעמזעלבן געסל, וואו ער האָט זיין קוילן־סקלאַד.

העניע־דאָבע אָבער האָט בשום־אופן נישט געוואָלט טיילן איהרע ליבעס־געפילן מיט אונזער אומגליקלעכן ליבהאָבער משה־כאַצקעל.

— גענוג — האָט זי געזאָגט — איז פאר מיר געווען מיין ערי

שטער מאַן פיניע, וועלכער איז אויך געווען געגוג שוואַרץ און וועלכן מען האָט גערופן אויפן גאַנצן געסל און אומגעגנט: „פיניע דער ברע־נענדיגער ברונעט“. איך וויל — זאָגט זי — איצט פאַרזוכן אַ מאַן אַ העלן בלאָנדין.

און מהאי־טעמא האָט זי געוואָרפן אַן אויג אויף דעם געגנ־איבערדיגן שכן, דעם סטאָליער נחמיה, וואָס האָט פאַרמאָגט אַ באָר־וועסן קאָפּ מיט אַ געלב־פאַרמעטיגען פליך און אַ פלאַמענד־רויטע באָרד, ווי זאַפּראַן, וואָס האָט אויסגעזען, ווי די באָרד ביים „מלך שעל“ פון קאָרטן.

נחמיה דער סטאָליער האָט אָבער, ווי דער שטייגער איז, און ווי מיר האָבן שוין באַטאָנט אונזער געדאַנק ביים אַריינפיר, זיך אפילו נישט אומגעקוקט אויף דער ליבע צו אים מצד העניע־דאָבען. ער האָט גאָר אויסגעקוקט אויף דער פאַרזעסענער מויד, די פרוכט־און סאָדע־וואַסער־קרעמערין דבורה ליפּ, וועלכע האָט פון איר זייט זיך געליבט אין זעליג דעם לערער... און אַזוי ווייטער, און אַזוי ווייטער...

אַזוי־אַרום האָבן מיר אויף דעם שטח פון דעם קליינעם פּשע־ביעג־געסל עטלעכע אומגליקלעכע ליבעס מיטאַמאָל.

## צווייטער טייל.

און אַזוי ווי מיר ווייסן, אַז די ליידנשאַפטלעכע ליבע ביי אַ ברונעט איז שטאַרקער און ליידנשאַפטלעכער ווי ביי אַ בלאָנדין, זענען דעריבער די ליידן ביי אונזער העלד (הויפּט־העלד) משה־כאַצקעל געווען גרויס און שרעקלעך.

וואָס האָט נעבעך אונזער אומגליקלעכער קוילן־הענדלער משה־כאַצקעל נישט געטאָן, כדי צו געפינען חן און ליטזעליגקייט אין די אויגן פון העניע־דאָבען!

אין איינעם פון זיינע בריוו צו איר האָט ער אפילו געפּרוווט זיך אויסדריקן מיט דעם אויסדרוק פון שלמה המלך אין שיר־השירים: „אל תראוני שאני שחרחורת“, איר זאָלט, ליבע העניע־דאָבע, נישט קוקן, וואָס איך בין שוואַרץ, ווייל „שזפתני השמש“ — איך בין פאַרשוואַרצט פון קוילן.

נאָר דאָס האָט נישט געהאָלפן.

ער האָט געפּרוּווט אַריינקומען צו איר, נאָך אַ גרינטלעכער מרחץ־אָפּוואַשונג... נאָר ווי, ווי: די הויט, פּונקט ווי אַ שוואַרצן כאַראַקטער פון אַן אינטריגאַנט, קאָן מען מיט זייף נישט אָפּוואַשן! איז ער געקומען צו איר אין אַ שוואַרצן אַנצוג, האָט זיך דער שאָטן פון אַנצוג בעליינגט אויפן פּנים און זיין פּנים איז געוואָרן נאָך טונ־קעלער; איז ער געקומען אין אַ ווייסן אַנצוג פון „סי־ציטשאַ“, האָט זיך זיין פּנים אָפּגעשלאָגן נאָך שוואַרצער. און עס איז נישט געווען קיין עצה צו פאַנגען דאָס האַרץ פון דערדאָזיגער קאַפּריזנער האַרט־בעקיגער פּרוויענציטמער.

אָך, וויפיל מאָל משה־כאַצקעל האָט אין זיינע איינזאַמע נעכט געווינט אויף זיין געלעגער און געבעטן גאָט, ער זאָל ווייזן אַ נס און ער זאָל דערוועקן אַ פונק פון ליבע אינם האַרץ פון העניע־דאָבען צו אים, דעם אומגליקלעכן.

און ער פלעגט אויסלאָזן מיט יאוש:

— דאַכט זיך, אַז גאָט אַליין קאָן דאָ נישט העלפן, וואָרום דאָס האַרץ פון דער פּרוויענציטמער איז ווי קיזלשטיין.

## דריטער טייל.

נאָר ווי קלוג איז דאָס וואָרט אויף די ליפּן פון פאָלקס־מויל:

„דער מענטש טראַכט, און גאָט לאַכט“.

גאָט האָט געטראַכט: וואַרט נאָך, משה־כאַצקעל. איך וועל דיר ווייזן, אַז איך קאָן אַלץ אויפטון. נישטאָ פאַר מיר קיין אומ־מעגלעכעס. און פּונקט ווי איך האָב אַמאָל האַרט־געמאַכט דאָס האַרץ פון פּרעהן, אַזוי וועל איך ווייך־מאַכן דאָס האַרץ פון העניע־דאָבען. און איך וועל אָנפילן איר האַרץ מיט ליבע צו דיר.

אַזוי האָט זיך געצויגן די לאַגע ביז הייַנטיגן ווינטער. משה־כאַצקעל האָט שוין געווען פאַרלוירן די האָפנונג, אַז העניע־דאָבע זאָל ווערן זיין פרוי. נאָר פּלוצלונג —

יעדער אינטעליגענטער און באַלעזענער מענטש ווייסט, אַז אין יעדן ראָמאַן איז פאַראַן אַ „פּלוצלונג“, אַזוי איז אויך אין אונזער ראָ־מאַן פאַראַן אַ „פּלוצלונג“.

פלוצלונג האָט גאָט אַראָפּגעשיקט אויף דער וועלט, פון זיינע הימלישע געצעלטן, אַ כוואַליע פון שרעקלעכע פרעסט, מיט שניי און זאַווערוכעס און ווינטן, וואָס האָבן אַרויסגערופן אַ גרויסע פּאַניק ביי דעם עלנדען מענטשן. אַ מורא איז אָנגעפאַלן אויף אַלע לייבער און אַ ציטערניש אויף אַלע באַשעפענישן. דאָס וואַסער איז פאַרפרוירן געוואָרן, רערן האָבן געפּלאַצט. די גאַסן זענען געבליבן ליידיג און אָפּגעשטאָרבן פון דורכגייער. די באַנען זענען געבליבן שטיין, פאַרשאָטענע אונטער בערג שניי, דער האַנדל איז פאַרגליווערט געוואָרן, קינדער זענען געפרוירן געוואָרן אין די וויגן. הונדערטער טויזנטער מענטשן האָבן אויסגעשטרעקט זייערע פאַרחלשטע, דערפרוירענע הענט נאָך אַביסל וואַרעם געקעכץ. אָן אויסראַטונג און פאַרניכטונג איז געקומען אויף אַלע אויערן און נעז.

און אַלע הערצער זענען פול געוואָרן מיט יאוש און קעלט און עס איז געקומען „כלו כל הקיצין“.

## פערטער טייל.

דאַמאָלסט האָט די נאַטור געוואָלט, אַז העניע־דאָבע זאָל קראַנק ווערן אויף גריפּע.

העניע־דאָבע איז געלעגן אין בעט אין איר קאַלטן צימער, וואָס איז געווען אָנגעפילט מיט אַזאַ קאַלטער אַטמאָספערע, אַז ווען עס זאָל דאָ געווען וואוינען אַ ווייסער בער פון נאָרד־פּאָל, וואָלט ער אויך באַדאַרפט אויף זיך אַרויפוואַרפן אַ פוטער. פון איר מויל האָט געשלאָגן אַ שרעקלעכע פאַרע און איר נאָז איז געווען פאַרקאַטערט מיט אַ ריזן־קאַטער. דער פעלדשער האָט געזאָגט, אַז מען דאַרף איר שטעלן באַנקעס. נאָר ווייי־וויי, ווי קאָן מען איר דען שטעלן באַנקעס אין אַזאַ קאַלט וועטער, ווען אין שטוב איז כאָטש וועלף פאַרטרייב און דאָס וואַסער איז פאַרפרוירן און פון דעם ווינקל־אויוון לויערט אַרויס בלויז אַ שוואַרצע, קאַלטע, נישט קיין געהייצטע לאָך, וואָס קוקט אויף דיר ווי אַן אָנצייכענערדיג מויל פון אַ סקעלעט.

דעמאָלט, דעמאָלט (ווי איר באַמערקט, ליבע לעזער, איז אין יעדן ראָמאַן פאַראַן אַ „דעמאָלט“), דעמאָלט האָט אונזער משה־

באַצקעל, וועלכער האָט פון זיינע שכנים־דעטעקטיווס געוואוסט דעם צושטאַנד פון זיין העניע־דאַבע, גענומען און שטילערהייט אַריינגעשיקט אַ זעקל קוילן זיין אומגליקלעך־געליבטער און קראַנקער העניע־דאַבען, צוזאַמען מיט אַ בינטל טרוקענע קין.

דעמזעלבן אָונט איז אונזער העלד געקומען מבקר־חולה־זיין די קראַנקע העניע־דאַבע אין איר וואַרעמער שטוב.

העניע־דאַבע, הגם זי איז געלעגן אין געהאַקטע וואונדן אונטער דער לאַסט פון 24 געהאַקטע באַנקעס, האָט דאָך, ביים באַגעגענען איר רעטער און ריטער, זיס צוגעשמייכלט.

יאָ, זי האָט געשמייכלט. אין גרויסן אומדערטרעגלעכן פראָסט, ווען אינדערלופטן איז שוין קיין לופט נישט געווען, נאָר קאַלטע שניידנדיגע מעסערס, ווען אַלע מענטשן אַרום האָבן אויסגעזען ווי פאַרוואָגלטע לופט־פליער ביים נאָרד־פּאָל, האָט זי געשמייכלט; און פאַר משה־כאַצקלען איז עס געווען, ווי אַ זיסער פרילינג וואָלט אַראָפּגענידערט אויף דער וועלט און אַ ליכטיגע זון וואָלט זיך צעשטראַלט און פרילינגס־האָפנונגען האָבן זיך צעשפּילט אין זיין האַרצן.

און ווי יעדעס גליק, וואָס קומט אומדערוואַרטעט (יאָ, יעדעס גליק קומט אומדערוואַרטעט), איז אויך משה־כאַצקעלס גליק געקומען אומדערוואַרטעט.

העניע־דאַבע האָט אַרויסגענומען איר האַנט פון אונטערן קאָלדרע און אויסגעשטרעקט זי צו משה־כאַצקלען.

— נאָ, דאָ האָט איר, משה־כאַצקעל, מיין האַנט און מיין האַרץ. זיי געהערן צו אייך. איר זייט מיין רעטער. איר זייט דער נאָבעלער און בראַווער מאַן, וואָס איז ווערט פון מיר געליבט צו ווערן אויף אימער און אייביק.

— אָבער צו־וואָס זאָלט איר, העניע־דאַבע, אַרויסנעמען די האַנט פון אונטערן קאָלדרע? — האָט משה־כאַצקעל געזאָגט מיט גרויס ליבשאַפט און צערטלעכקייט. — ווייסט איר דען נישט, אַז ווען מען ליגט מיט געהאַקטע באַנקעס, דאַרף מען ליגן רואיג?

— אָבער איך קאָן מיך נישט באַהערשן. איך מוז אייך אויסדריקן מיין דאַנק, — האָט העניע־דאַבע געענטפערט מיט איר כשיף־שמייכל.

צו משה־כאצקעלס גליק איז נישט געווען קיין עק. און אין דארצן האט ער תפילה געטאן: „גאטעניו, טו א נס און דיינע פרעסט זאלן אנהאלטן! זאלן זיי ברענען נאך שטארקער און שטארקער. עפן אפ דיינע שפייכלער פון שניי און קעלטן, כדי איך זאל מיין העניע־דאבען קאנען שענקען נאך קוילן און האלץ. דו ווייסט דאך, גאטעניו, אז נישט צוליב מיין פרנסה וועגן בעט איך. איך וויל קיין פאסעק נישט ציען פון מיינע קוילן. איך בין גרייט מיינע גאנצע קוילן צו צעטיילן פאר ארימעלייט, פאר די געפרוירענע און פאר־חלשטע. איך וויל אבער דאס הארץ פון מיין העניע־דאבען אנוואר־רעמען און דערווערבן מיט א דערקאבערונג!“

## פינפטער טייל.

און די פרעסט האבן זיך געשטארקט און די שנייען זענען גע־פאלן. און ביי די קוילן־סקלאדעס זענען געשטאנען אגאנקעס מיט קללות און הריגות. עס האט זיך געטון חושך...

און ביני־לביני פלעגט זיך יעדן טאג אונזער העניע־דאבע בא־קומען ארייגעשיקט א זעקל קוילן פון משה־כאצקלען, וועלכן זי פלעגט עמפאנגען מיט גרויס ליבע, דאנקבארקייט און צערטלעכקייט, ווי א היים־געליבטע עמפאנגט פון איר געליבטן נישט קיין שווארצע, נאר גרויסע, ליכטיגע בריליאנטן.

דער פראסט האט געברענט און ביי העניע־דאבען האבן די אויוונס זיך געהייצט אין קיך און אין עס־צימער, און די פייערלעך האבן געקנאקט, ווי מען קנאקט טערקישע ניס... די גריפע איז אוועק און איר הארץ האט זיך דערווארעמט פול מיט פלאמענדער לי־בע צו איר אויסדערוויילטן און מיט קוילן־געבענטשטן משה־כאצקעל.

אין א שיינעם אוונט, ווען דער פראסט אין דרויסן האט גע־בריכט דריי־און־דרייסיג גראד, איז אין הויז ביי העניע־דאבען פאר־געקומען די גליקלעכע חופה. אין אלע צימערן איז געשטאנען א לי־בע ווארעמקייט. א סך געסט זענען געקומען משמח זיין, און א סך געסט זענען געקומען סתם זיך אנווארעמען, און אנשטאט דרשה־געשאנק האט דער חתן אליין געטיילט אלעמען קוישלעך קוילן און עס איז געווען ששון ושמחה.

## עפּילאָג.

און אַז די געסט זענען זיך צעגאַנגען און דאָס פֿאַר־פֿאָלק איז געבליבן אַליין, האָבן זיי זיך צערטלעך אַוועקגעזעצט בײַ דעם וואַ־העמען אויוון.

נישט־קוקנדיק, וואָס דורך די בערישרגעפֿרוירענע פֿענסטער־שויבן האָט זיך אַרויסגעזען די בײַזע ווינטער־נאַכט מיט אירע שניי־זאַ־ווערוכעס, איז דאָך אין צימער געשטאַנען אַ ליבע וואַרעמקייט. דורך דער אָפֿענער טיר פֿון קיך האָט פֿון ווינקל זיך אַרויסגעזען די גרויסע הרובע קוילן, וואָס האָט אַזוי ליבלעך און זיס געשײַנט מיט איר שטראַלנדער שוואַרצקייט.

דאַן האָט דאָס גליקלעכע פֿאַר־פֿאָלק האַרציק און האָניק־חודש־דיק געפֿירט פֿאָלגנדען צאַרטן געשפּרעך:

— וועסט מיך אייביק ליבן, מײַן טײַערע העניעדאָבע?

— אייביק, מײַן טײַערער.

— און אַז דער פֿראָסט וועט פּלאַצן?

— אַפֿילו אַז דער פֿראָסט וועט פּלאַצן, וועל איך דיך אויך ליבן.

— און אַז אין הרויסן וועט וואַרעם ווערן?

— וועל איך דיך אויך ליבן.

* * *

ליבע לעזער! נאָמיר נישט שטערן זייער גליק. נאָמיר נישט זײַן קיין אוממענטשן, וואָרום בלויז דער אוממענטש זוכט שטענדיק צו שטערן דעם צווייטנס גליק.

# פאַרוואָס ער פאָרט נישט אויף דאַטשע.

— און איך וועל היינטיגן זומער קיין דאַטשע נישט דינגען בשום־אופן נישט! און ווייסט איר פאַרוואָס? צוליב די גנבים, ימח שמם!... איך פרעג אייך נאָר, וואָס פאַר אַ פאַרגעניגן האָט מען פון אַ דאַטשע, אַז אויף יעדן שריט־און־טריט שווימלט און גריבלט מיט גנבים; אַז יעדע רגע ציטערט אויף דיר די הויט, מען זאָל דיך נישט באַנעמען פון קאָפּ ביז די פיס און איבערלאָזן, ווי די מאַמע האָט דיך געהאַט!

אַזוי זאָגט צו מיר אַ יידל, זיצנדיג נעבן מיר אין קראַשינסקים גאָרטן אויף אַ באַנק. אַ דאַר יידל מיט אַ ברוינעם סורדוט און אַ גומענעם קאָלנער און גומענע מאַנזשעטן, וואָס בשעתן רעדן קלאַפּן זיי סכנות־נפשות.

— מען שמועסט אפילו, — האָט ער ווייטער געזאָגט, — אַז עס זענען פאַראַן מדינות, וואו דער מין גנבים איז נישט בנמצא, וואו דו קאָנסט אַוועקלייגן אַ פּעקל אינמיטן גאַס און קיינער וועט עס נישט אַוועקלקחנען. עס שטעקט ביי דיר אַ בלאַט צייטונג אין דיין פּאָסט־קעסטל און קיינער וועט עס נישט אַרויסשלעפּן; מען שטעלט דיר אַוועק דעם פרישטיק ביי דער טיר און קיין איין שכן וועט עס נישט אויפנאַשן; דו האָסט דיר דיין געלט ביידל אין בוזעם־קעשענע און קיינער וועט ביי דיר עס נישט אויסשניידן.

ווייס איך, איר גלויבט אין אַזעלכע זאַכן. איך גלויב נישט. און טאָמער זענען פאַראַן אַזעלכע מקומות, טאַ זאָל מען זיך דאָרטן פאָרן אויף דאַטשע־און זומער־וואוינונגען און זאָלן זיי דאָרטן כאַפּן פרי־שע לופט און לאָזן זיך וואוילגיין אויף גאָטס־נאַטור. איך וועל נישט

פאַרן אויסגעריסן ווערן. פאַר מיר איז שוין גענוג פאַר־אַ־יאָריגע דאַטשע. די והותר!

וואָס איז געווען פאַר־אַ־יאָרן זומער, ווילט איר וויסן? גאָר נישט איז געווען. פאַר־אַ־יאָרן זומער, נישט היינט געדאַכט, בין איך געווען אַ פּריץ — האָב איך יאָ געפּראַוועט דאַטשע. תיכף, ווי דער זומער האָט זיך געשטעלט, בין איך אַוועק אויף די דאַטשע־ערטער, אַרום וואַרשע, און האָב געדונגען אַ זומער־וואוינונג, און דווקא ביי אַ סטרוזש אַ גנב־בן־גנב און וואָס זיין ווייב איז אויך אַ גנבטע, און וואָס זיינע קינדער זענען אויך גנבים. פאַרוואָס עפּעס? פאַר גאָר נישט. ווייל, ראשית, וואו וועט איר דאָ געפינען אַ סטרוזש, אַן איינגע־טימער פון אַן אַזוי־גערופענער דאַטשע, וואָס איז נישט קיין גנב און וואָס זיין ווייב איז נישט קיין גנבטע און וואָס זיינע קינדער זע־נען נישט קיין גנבים? והשנית, האָב איך על־פּי שכל־הפּסיכאָלאָגיע געטראַכט, אַז אַ סטרוזש אַ גנב וועט לכל־הפּחות ביי זיינע אייגענע שכנים נישט גנבענען.

הכלל, איך האָב זיך באַזעצט אויף דאַטשע. איז געוואָרן אַ פראַ־גע מיט מיינע זאַכן: צי זאָל איך מיינע זאַכן איבערלאָזן אין שטאָט, אָדער אַריבערנעמען זיי אַהער אויף דאַטשע? וואָרום, ווי איר קוקט מיך אָן, בין איך אַ יידל אַ דאַרס און אַ גרויס דערצו, נאָר בעלי־בתישקייט האָב איך פונדעסטוועגן אַ היפּש ביסל: אַ פוטערל אויף ציגענע פעל, אַ פּאַראַסאָל, וואָס ליגט זיך צונויף אין אַ שטעקן מיט אַ ביינעדיגער גאָלקע; צוויי פּערענעס: איינס מיינע און איינס, וואָס איז מיר געבליבן פון מיין ווייב; אַ שרייבגעצייג פון מירמלשטיין מיט אַ זייגער און אַ בראָנזעווען נאַפּאָלעאָן, ווי ער זיצט רייטנ־דיג אויף אַ פערד, מיט אַ פּאָר פּאַסאָווע הויזן מיט טאַשמעס און אַנדערע זאַכן.

תחילת האָב איך די זאַכן מיינע געוואָלט איבערלאָזן אין שטאָט. וואָרום איך האָב זיך משער געווען: ווייבאַלד די גנבים פאָרן אַלע אַוועק אויף די דאַטשעס, דאַרף על־פּי שכל די שטאָט בלייבן אָן גנבים, קאָן מען דאָך די זאַכן זיכער איבערלאָזן אין שטאָט. נאָר באַלד האָב איך זיך דערמאָנט, אַז מיר האָבן, ברוך־השם, דעמדאָזיגן מין אַזוי פיל, אַז עס קלעקט אי פאַר דער שטאָט, אי פאַרן דאָרף.

אי פאר דער דאטשע, און אז מען קאן מיר אין שטאט אויך חתונה מאכן... האב איך גענומען די אלע זאכן און אריבערגעפעקלט אויף דאטשע... קודם־כל זאלן דארט די גנבים בלייבן מיט א נאז... אז זיי וועלן דארט, אין שטאט, אויסברעכן די טיר און נישט טרעפן קיין זאכן, וועט זיי די נכפה טרעפן פאר בושה. און דא, דא אויף דער דאטשע, וועלן זיי ביי מיר, די גנבים, אויך קראפירן. ווייל דא וועל איך די זאכן מיינע אליין פילנעווען... ווייל איך האב אן אויגל, האב איך, א ביסטרע אויגל, און א גנב וועט זיך פון מיר נישט אויסבאהאלטן.

מאלט אייך, אז פירנדיג די זאכן האט מען מיר א העלפט צו־געגנבעט — מחמת אונטערוועגס איז שווער איינצוהיטן זיך פון גנבים, — ווען דו זאלסט זיין מיט צען קעפ און טויזנט אויגן; אבער א העלפט זאכן האב איך געבראכט... און אזוי האב איך מיך באַ־זעצט מיט מזל אויף פרישער לופט און גענומען פראווען דאטשע.

וואס הייסט פראווען דאטשע? איז דער סדר, געמלעך, אזא סדר:

קודם־כל האב איך געלאזט מאכן שווערע לאדנס צו די פענ־סטער מיט גראטעס, און ריגלס מיט שלעסער צו די טירן... ווי נאר אוונט, פארבאריקאדיר איך די טירן מיט די מעבל, פארהאק טיר און לאדן און גלייך אריין אין בעט און לייג זיך שלאפן. דעם מירמעל־שטיינערנעם שרייב־געצייג מיט נאפאלעאנען לייג איך אונטער צו־קאפנס; דעם פאראסאל, וואס ליגט זיך צונויף אין א שטעקן מיט א זילבערנער גאלקע פון זילבערנעם העלפאנטביין, לייג איך אוועק ביי דער זייט; די פאסאווע הויזן מיט די ברוינע טאשמעס לייג איך צונויף און לייג עס אוועק אונטערן מאטראץ. האט עס א צוויי־ענדיגע מעלה: אי עס איז זיכער פון גנבים, אי זיי ווערן שטענדיג די הויזן, געפרעסט מיט דעם אמתן שארפן קנייטש, ווי ערשט פון אונטערן פרעס־אייזן. מחמת איך האב, קיין עין־הרע, א הארטן שלאף. דעם פוטער מיט די ציגן־פעל לייג איך ארויף אויף מיר און וויקל זיך איין מיט די פערנעס, און אזוי שלאף איך.

מאלט אייך, אז עס איז נישט געשלאפן, נאר געשוויצט, ווי נאך א טיפוס. און אין צימער איז דושנע, דערשטיקט צו ווערן.

וואָרום על־פּי יושר האָט מען אויף דאַטשע געמעגט שלאָפֿן ביי אָפֿענע פֿענסטער, אַזוי הייסן דאָקטוירים, כּדי עס זאָל אַריינקומען אַביסל קלימאַט מיט אַטמאָספֿער, און דאָ זענען גאָר די פֿענסטער פֿאַרהאַקט און פֿאַרשטעלט און פֿאַרריגלט אויף זיבן שלעסער, ווייל מען דאַרף זיך היטן פֿון די גנבֿים.

מילא, שלאָף איך נישט. דערפֿאַר איז דאָ אַן אַנדער מעלה: איך הער, ווי די גנבֿים גראַבלען ביי דער טיר, פֿאַרקען זיך ביי די לאָדן, — איז אַז איך דערהער דאָס, לויף איך אַראָפּ פֿון געלעגער, מאַך אַ געוואַלט, צעלויפֿן זיי זיך מיט בזיונות...

דאָס רעשט נאַכט שלאָף איך שוין במילא נישט: אַביסל פֿון שרעק, אַביסל פֿון צערודערונג; נאָר, ווי לאַנג, מ'שטיינס־געזאָגט, איז אַ זומער־נאַכט? קוקסט זיך נישט אַרום און עס איז שוין פֿריי־מאָרגן, און אַז עס קומט דער זיסער, מחיהדיגער זומערדיגער פֿריי־מאָרגן, עפֿן איך פֿאַנאַנדער לאָדן, טיר און פֿענסטער, טראָג מיר אַרויס דאָס צעלייגטע בעטל מיט דעם ליג־שטול, מיט דעם טיש, מיט די שטולן, מיט די מאַטראַצן, מיט די בענקלעך, מיט די קישנס און צעלייג מיך בהרחבה אויף מיין ליג־שטול.

דער ליג־שטול שטייט ביי מיר שטענדיג אַזוי, איך זאָל אויס־קומען מיטן פּנים צו דער טיר. ליג איך און גיב מיר אַכטונג... עס ווילט זיך אַפֿילו כאַפּן אַ דרימל — אַ גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפֿן; נאָר אויף צו־להכעיס די גנבֿים שלאָף איך נישט, און היט, און נעם נישט אַראָפּ מיין אויג פֿון טיר... ס'איז נאָר נישט גוט, וואָס חוץ דער טיר זענען נאָך פֿאַראַן פֿענסטער און זיי זענען דווקא פֿון יענער זייט. ווי־זשע קאָן איך גלייכצייטיק אַכטונג געבן אי דאָ, אי דאָרט? איז איינס פֿון די ביידע: אָדער איך גיי מיר אַרום אַרום שטיבל, ווי אַ סאָלדאַט אויף דער וואַך, אָדער איך פֿאַרשלאָג דאָס פֿענסטער מיט ברעטער אויף אַ גאַנץ זומער און — פּטור אַן עסק! ווער זאָגט עס, אַז אַ דאַטשע־שטיבל דאַרף בכלל האָבן פֿענסטער?

אַביסל שווערלעך קומט מיר אָן מיטן מיטאָג: מיטאָג דאַרף מען דאָך גיין עסן אין אַ רעסטאָראַן אָדער אין אַ פּענסיאָנאַט, איז דאָך די קשיא: וואָס טוט מען מיט דער שטוב, מיט די זאַכן און מיט די גנבֿים? האָב איך אַן עצה: איך טראָג אַריין דאָס גאַנצע

כלי־בית צוריק אין שטוב אריין: די טישן מיט די שטולן, מיט די בעטלעך און מאטראצן, מיט די קישנס און די פערענעס, מיט די איבעריגע כלי־בית, פארשליס עם אלץ ארום און פארריגל, פארמאך די לאדנס און גיי מיר אויף מיטאג. מאלט אייך, אז עס קריכט מיר נישט דער ביסן אין האלז. ווארום ווער ווייסט, צי די גנבים מאכן מיר איצט נישט אין מיין וואוינונג דעם אמתן מחק? נאר ווילאנג עסט דען א מענטש? אפגעכאפט דאס עסן און לויף אהיים. מיינט איר, אז איך טרעף דא נישט קיין גנבים פארנדיג זיך ביי די לאדן? מאך איך א גוואלט, און זיי אנטלויפן מיט בזיונות... איצט ערשט עפן איך ווידער די לאדנס, מיט די פענסטער, מיט די טירן, טראג ווידער ארויס דאס גאנצע כלי־בית, מיט די טישן, מיט די בענקלעך, מיט דעם ליג־שטול, מיט די מאטראצן, מיט די קישנס, מיט די פערענעס, צעלייג זיך, ווי א גראף, אויף דעם ליג־שטול און — היט מיך פון גנבים...

עס איז נאר אביסל א פארדרוס, וואס מען קאן זיך נישט באדן! האסט דא א טייך, און א שיינעם טייך, מיט מחיהדיגן וואסער, ריינער קרישטאל, און דו קאנסט זיך נישט אויסבאדן. ווארום וועלכער משוגענער וועט זיך דאס גיין באדן און איבערלאזן די זאכן אויפן ברעג, אז כהרף־עין קאנסו בלייבן אן תחתונים! ווארום די גאנצע געגנט ברענט פון גנבים און באנדיטן.

וועט איר דאך פרעגן: שפאצירן? א מענטש אויף א דאטשע מוז דאך אמאל גיין שפאצירן?! מילא, באדן, קאן מען זיך נישט באדן. ווי לאנג איז דען דער זומער? אי"ה נאכן זומער וועסטו קומען אין שטאט אריין, וועסטו גיין אין א שוויץ־באד. אבער שפאצירן? וועלכער דאטשניק גייט עס נישט אביסל שפאצירן?... וואס־זשע מיינט איר, איז טאקע ביטער. איך וועל דאך נישט גיין שפאצירן און איבערלאזן די וואוינונג אויף הפקר!

האב איך איינמאל איינגעשטעלט דאס לעבן. סוף זומער האב איך גענומען און געמאכט א שפאציר. פארנאכט איז עס געווען, א גאט־געבענטשטער פארנאכט, האב איך געבעטן דעם סטרוזש, געגעבן אים א פאר גילדן און געגאנגען שפאצירן. ווי זאגט מען, איבערגעגעבן דעם גנב די שליסלען אין האנט און, אגב, די בעסטע חפצים

האָב איך גענומען מיט זיך אין די קעשענעס אַריין. דעם זילבערנעם פּאָרטציגאַר מיט דעם מאָנאָגראַם, דאָס זייגערל, דעם פּאַראַסאָל, וואָס ליגט זיך צונויף אין אַ שטעקל מיט דער זילבערנער גאַלקע פון זילבערנעם העלפאַנט־ביין, און אפילו די שווערערע זאַכן האָב איך גענומען מיט זיך. דעם בראָנזענעם זייגער מיט נאַפּאָלעאָנען, מיין פּוטערל מיטן ציגן־פעל, דעם מירמעלשטיינערנעם שרייב־געצייג, און בין מיר געגאַנגען... האָב איך מיך אָבער פאַרטראַכט און בין פאַרקראָכן אַביסל ווייטלעך פון די דאַטשעס, זענען מיך באַפאַלן אַ חברה גנבים און כוליגאַנעס, האָבן מיך באַנומען פון קאָפּ ביז די פיס, ביז אַ שנירל אַפילו... אַפילו די הויזן מיר אַראָפּגענומען. אַנשטאָט פרישע לופט האָב איך געכאַפּט די אמתע פרישע קלעפּ, קוים מיטן לעבן אַנטלאָפן. אַ נס איז געווען, וואָס עס איז שוין געווען פינסטערלעך און איך האָב געקאָנט בלויז אין די אונטערהויזן דורכשמוגלען זיך אַהיים צו מיין דאַטשע.

לאָזט זיך אויס, אַז די וואוינונג איז אויך אויסגעליידיגט ביז אַ ברעקל... גאַלע ווענט איבערגעלאָזט — און פאַרטיג!

אייגנטלעך, איז מיר ערשט דעמאָלט געקומען צום לעבן. ערשט דעמאָלט האָב איך אָנגעהויבן פּראָווען דאַטשע מיט אמתן קנאַק. וואָרום אויס! איצט האָב איך שוין נישט וואָס מורא צו האָבן פאַר גנבים! וואָרום וואָס וועלן זיי איצט ביי מיר נעמען? איצט, אַז זיי וועלן קומען, וועלן זיי האָבן די אמתע בזיונות. אַ מצוה אויף זיי... נישטמער, עס איז געווען אַביסל האַרטלעך צו שלאָפן אויף דער גאָלער פּאָדלאָגע... נאָר, ווילאַנג האַלט דען אָן דער זומער? בענדיגט דער זומער, בין איך מיר אַריבערגעפאָרן צוריק אין שטאָט אַריין און פאַרטיג! האָדיע! איין מאָל אָפּגעקומען. אָבער מער וועט איר מיך אויף דאַטשע נישט פאַרטרייבן מיט צען שטעקנס! אויס! איך פאָר נישט!



# מיין ווייב מאַכט קראַנק א דאָקטאָר.

(אַ סצענע)

## פערזאָנען:

א דאָקטאָר און מיין ווייב.

א קאַבינעט ביים דאָקטאָר. עס קומט אריין מיין ווייב.

**מיין ווייב:** גוט מאָרגן, הער דאָקטאָר!

**דאָקטאָר:** אַ גוט מאָרגן, גוט יאָר! זעצט זיך, מאַדאַם. וואָס פעלט אונז עפּעס? אויף וואָס האָבן זי זיך צו קלאָגן, מאַדאַם?

**מיין ווייב:** איך בין געקומען צו אייך, ה' דאָקטאָר, איר זאָלט מיר עפּעס אויסגעפינען אַ קרענק.

**דאָקטאָר:** וואָס הייסט? איך זאָל אויסגעפינען אַ קרענק? האָט איר ערגעץ אַ ווייטאָג?

**מיין ווייב:** אַזוי ספּעציעל פיהל איך נישט קיין ווייטאָג אין ערגעץ נישט. נאָר עפּעס מוז מען דאָך האָבן אַ קרענק — וויל איך, אַז איר זאָלט מיר עס אויסגעפינען. וואָרום די אַלע אַנדערע דאָקטוירים זענען דאָך שווינדלער, שאַנטאַזשיסטן, אויסוואורפן; נעמען נור געלט, און קיין רעכט שטיקל קרענק קענען זיי נישט אויסגעפינען. אָבער, איר זענט דאָך אַן ערלעכער מענטש; איר וועט שוין עפּעס אויסגעפינען אַ קרענק.

**דאָקטאָר:** וועלן מיר זען. (ער הערט זי אויס). אַפּעטיט האָט איר?

**מיין ווייב:** אָבער טאַקע אַבסאָלוט גאָרנישט. איבערמאָרגן וועט זיין פּונקט דריי טעג, אַז איך האָב אין מיין מויל גאָרנישט געהאַט.

**דאָקטאָר:** און היינט האָבן זי, מאַדאַם, עפּעס געגעסן?

**מיין ווייב:** ווייס איך — גאָרנישט מיט גאָרנישט: אַ פּאָר סאַר־

דינקעס, אַ געמאַרענירטן הערינג, אַ שטיק פיש, אַ פערטל גענזנס, זופּ, צימעס, קאָמפּאָט, לעגאָמינע און צוויי גלאָז קאַקאַאָ. ווייטער — זאָל איך דאָס נעמען אַפילו אַ לעק צו די ליפּן! איך זאָג אייך, אַז איך וועל אויסגיין מיט די כּוחות.

**דאָקטאָר:** און איך געפין נישט קיין שום קרענק!

**מיין ווייב:** און איך זאָג אייך, אַז איר מוזט אויסגעפינען עפּעס אין מיר אַ קרענק!

**דאָקטאָר:** מילא... אַז איר זאָגט איך מוז — קאָן איך אויסגעפינען. איך מיין, אַז איר האָט אַ סך קרענק: רעמאַטיזם, אַטערעטיזם, נעווראַלגיע, צוקער, לונגען־אָנצינדונג, בלינדע קישקע, גרוטשאָלן, דיאַבעטיקוס, סקלעראָזיס, אינפלוענציע, דיפטעריטוס, שקאַרלאַטינוס, סטריקאָלוס־פּערקוס, סוכאָטע...

**מיין ווייב:** אָטאָט אָט! זעט איר? אַז מען זוכט, געפינט מען... איז וואוהין, אַ שטייגער, פאָרט מען אויף היינטיגן זומער?

**דאָקטאָר:** אַזוי? אָט דאָ טוט אייך וויי? איך מיין, אַז לויט אייערע קרענק באַדאַרפט איר אייגנטלעך קיין ווייטע רייזעס גאָר נישט האָבן. איר קאָנט, מאַדאַם, זיך דורכפאָרן דאָ אויף אַ דאַטשע נעבן וואַרשע, אַריינפאָרן אין אַ פּענסיאָנאַט און זיך אויסרוען. אויסרוען די נערוון און פאַרטיק.

**מיין ווייב:** ערשטנס, וויל איך נישט רוען, איך וויל נישט זיין אין קיין פּענסיאָנאַט און וויל זיך נישט פּאַשן, ווי אַ גאַנז. כ'וויל נישט ווערן דיק און קאַליע־מאַכן מיין פיגור, מיין קערפּער־בוי. איך האָב די ריכטיגע ליניע מיט דער ריכטיגער טאַליע. מיינע באַקאַנטע רופן מיך „פּוילישע ווענוס". און אגב, וואָס האָב איך דאָ נישט געזען אַרום וואַרשע? דאָס ביסל זאַמד און שטויב? נישטאָ צומאָל קיין טייכל, קיין רעכטער וואַלד.

**דאָקטאָר:** קאָן איך אייך רעקאָמענדירן דרוזגעניק. דאָרט האָט איר אי אַ טייך, אי וואַלד, אַ וואונדערבאַרן סאָסנע־וואַלד.

**מיין ווייב:** וואָס־טויג מיר דרוזגעניק, און וועמען וועל איך דאָרט זען? אַ פּאָר ליטווישע יידעלעך און אַלטע יידענעס? פאַר זיי האָב איך געמאַכט מיינע טואַלעטן און אָנגעניייט די קליידער מיט די היט, מיט די מאַנטלען? צוליב דעם האָב איך אַ האַלב

יאַר געהאָרעוועט און געלאָפן צו שניידערס און מאָדיסטקעס! איך וואָלט וועלן, העד דאָקטאָר, איר זאָלט מיר נאָראַיען עפּעס אַ אויסלענדישן קוראָרט. נישקשה, מיין מאַן אַרבעט נעבעך שווער און ביטער, מעג איך זיך פאַרגינען צו זייצן אין אַן אויסלענדישן קוראָרט מיט אַן אַריסטאָקראַטישער געזעל־שאַפט מיט שיק, מיט קולטוראַלע מענטשן.

**דאָקטאָר:** איז דאָס גלייכסטע פאַר אייך, מאַדאַם, צו פאָרן קיין קאַרלסבאַד, מאַרינבאַד, פראַנציסבאַד, נירנבאַד, זויערבאַד, ווילהעלמבאַד, באַדענבאַד...

**מיין ווייב:** זעט נאָר, ווי ער האָט זיך דאָס אביסל צעבאַדעט! וואָס האָט איר דאָרט ים? און וואָס האָט איר דאָרט אַ ברעג מיט אַ פּליאַזשע? איך מיט מיין פיגור אויף אַ פּליאַזשע מאַך דאָך דעם אמתן פּוראָר. איר קוקט נאָר אָן אַ טאַליע, איר קוקט נאָר אָן אַ ליניע, איר קוקט נאָר אָן אַ פּאָר היפּן!... שיר־שיר האָב איך דאָך היינטיגן ווינטער נישט געקראָגן דעם שיינהייטס־פּרייז אויף דעם וואַיאַזשאָרן־באַל. מיינע באַקאַנטע הופּן מיך „נימפע"... בפרט נאָך, ה' דאָקטאָר, ווען איר וואָלט וויסן, וואָס פאַר אַ הערלעכן באָדע־קאָסטיום איך האָב באַ־שטעלט אויף היינטיגן זומער. ער באַשטייט פון זעקס טיילן: פון אַ לייבל פון סאַטינירטן זייד, פון אַ פּאָר מייטקעס פון טריקאָט, פון אַ פעלערינקע פון קרעפּ און אַ קרינאָלינקע פון קרעט־טאָן. ווייטער האָב איך באַשטעלט אַ פאַראַסאָלקע און אַ האַנט־בייטל פון בראָקאַטעל, אויסגעהאַפּט מיט עקזאָטישע בלומען, אויפן קאָפּ אַ בערעטל פון מאַזאַאישן לעדער און סאַנדאַלן אויך פון דעמזעלבן קאָליר. און ווייסט איר, העד דאָקטאָר, וואָסער מעלה דער קאָסטיום האָט? איר קאָנט פון דעם איין קאָסטיום מאַכן עטלעכע פאַסאָנען, מחמת עס איז קאָסטיום „פאַסאָן־דע־קאָמבינאַציאָן". איר נעמט אַראָפּ די קרינאָלינקע און לאָזט־אי־בער די פעלערינקע, האָט איר אַ נייעם פאַסאָן. איר נעמט אַראָפּ דאָס לייבל, האָט איר אַ דריטן פאַסאָן. איר נעמט אַראָפּ די מייטקעס...

**דאָקטאָר:** וואונדערבאַר! וואונדערבאַר! מיט אַזאַ באָד־קאָסטיום

מוזט איז פאַרן קיין אויסלאַנד אין אַן ערשט־קלאַסיגן קוראָרט. איך מיין, אַז איר זאָלט פאָרן קיין צאָפּאָט... ס׳איז אַ וועלט־קוראָרט... ים, פּליאַזשע, קאַסינאָ...

**מיין ווייב:** אַ שיינער ים איז דאָרטן! — אַביסל טויטע וואַסער... היינט די געזעלשאַפט! אַמאָל איז עס אפשר געווען אַן אריסטאָקראַטישער קוראָרט, אָבער היינט האָט איר דאָרט די גאַנצע נאַלעוואָקעס, געגנשע־און דזשיקע־גאַס... פאַרוואָס זאָלט איר מיר נישט רעקאָמענדירן עפּעס אַן אמתן אויסלענדישן זומער־רעזאָרט מיט דעם אמתן ים מיט ווילדע כוואַליעס, מיט שטורם? איר האָט דען אַ באַגריף, הער דאָקטאָר, ווי איך ליב שטורם מיט כוואַליעס! איך בין דאָך אַזאַ ברויזנדע נאַטור, אַ דעמאָנישע פרוי. מיינע באַקאַנטע רופן מיך „דעמאָן". אָדער „וואַמפּיר".

**דאָקטאָר:** טאָ פאָרט קיין אָרדינעי, קיין אָסטענדע, ביאַריטץ, קראַנץ, שעווענינג, פאָרט קיין שטאָקהאָלם, פינלאַנד, שוועדן...

**מיין ווייב:** דאָס זענען דאָך אַלץ נאָרד־ימען. איך האָב פיינט די קאַלטע נאָרד־ימען. זיץ און קוק אויפן הימל און וואַרט אויף פּאָגאָדע! קוק־אויס אויף אַ שטיקל זון, ליג אויפן ברעג־ים בלאָ ווי אַ מילץ... אויב ים, וויל איך אים אין וואַרעמע לענדער, עס זאָל ברענען, עס זאָל בראָטן, עס זאָל באַקן. וואָרום איך, פאַר מיין טעמפּעראַמענט, דאַרף האָבן פייער, פלאַמען. אין מיינע אָדערן פליסט הישפּאַניש בלוט. מיינע באַקאַנטע רופן מיך „וועזוווּיוס"... איר האָט מיך, הער דאָקטאָר, געמעגט אָנקוקן, ווען איך ווער אָפּגעברענט; מיט מיין ברוינעם לייב בין איך געגליכן צו אַ ציגיינערין. מיינע באַקאַנטע רופן מיך „קלעאָפּאַטראַ".

**דאָקטאָר:** טאָ פאָרט קיין אַבאַציע, קאַפּרי, סאַרדיניען, צו די טאַאיטי־אינזלען, קיין סאַרדאָקוסאָ אין שפּאַניען, קיין קאַרפּאַסאַכאַרוס אין אַפריקע, קעמאַהאָמאַ, פאָרט־דע־פּאַסאָל, קרעבענדע, קעמאַלאַ־בעמבאַ, דאָרט אַהין אין די טראָפּישע לענדער.

**מיין ווייב:** אַפריקע גאָר? ווער קען רעדן אויף אַפריקאַנישן לשון? ווער קען רעדן אויף דער טראָפּישער שפּראַך? ווי־אַזוי וועל

איך קאָנען פּלירטעווען, ראָמאַנסירן? איר, הער דאָקטאָר, גיט מיר בעסער עפּעס אַ היימישן קוראָרט.

**דאָקטאָר:** טאָ פאָרט קיין טשעכאָסלאָוואַקיע, נאַלענטשעוו, בוסק, קאַזשימיעזש, מראָזי, פּיאַסעטשנע, קאָטשע־דול.

**מיין ווייב:** וואָס? אין דיזאָזיגע ערטער זאָל איך פאָרן? ווייסט איר, ווער עס פאָרט אין אַזעלכע ערטער? אַלע מאַרק־ווייבער. קיין איין אינטעליגענטער מענטש פאָרט נישט אַהין. מיין מאַנס שותּפס ווייב, העלענאַ קלאָפּצימעס, די געוועזענע שניי־דערין, פאָרט אַהין. אַהין פאָרט די געוועזענע מילך־ייִדענע פּייטשע קלמנס. הייַנט איז זי שוין אַ מאַדאַם און הייסט פּע־ליציע קאָצעניאָמער. אַהין פאָרט די פאַני האָניגטייגליאָווא. אָט די, וואָס זאָגט, אַז דער אַמעריקאַנער דייוויד סאַלאַמאָן האָט זיך אין איר איינגעליבט. סך־הכּל איז ער אַזוי אַן אַמע־ריקאַנער, ווי איך בין אַ גובערנאַטאָר. סך־הכּל איז ער געלעגן ביי מיר צו די פיס, נאָר איך האָב אים געוויזן די טיר... הייסט איר מיך, איך זאָל פאָרן אין דיזאָזיגע ערטער. איך זאָל שוואַרצן די אויגן פאַר באַקאַנטע און נישט קאָנען זאָגן, אַז איך בין געפאָרן קיין אויסלאַנד!... גיט מיר עפּעס אַ קור־אָרט, וואָס זאָל ליגן ווייט פון דאַנען, איך זאָל נישט אָנזען די פּאַסקודנע „ראָזשעס“, און טאַקע בערג אויך. איך האָב דאָך אַזוי ליב צו גיין אויף בערג!

**דאָקטאָר:** טאָ פאָרט קיין סיביר, קיין אַלאַסקאַ, צו די אַלטאַיער בערג, צו די קאַרפּאַטן, צו די פּיאָרדען אין נאָרוועגיען, קריכט אויפן מאָנבלאַן, קלעטערט אויף די הימאַלאַיען. דאָרט וועט איר קיינעם נישט באַגעגנען. קריכט אויף די גלעטשערס, ריזן־בערג, פיר־טויזנט מעטער הויך.

**מיין ווייב:** וואָס דאַרף איך אַזעלכע ריזן־בערג? איך זאָל אָנ־לעבן זיך אַ האַרץ־פעלער? איר ווילט, הער דאָקטאָר, נישט אַנדערש, אַז איך זאָל מיך אָפּצערן, פאַרלירן מיין פיגור און ווערן דאַר, ווי אַ טשוואָק? איך וועל נישט פאָרן צוליב אייער קאַפּריזן. איך בעט אייך נאָר, אַז איר זאָלט מיר געבן אַ קוראָרט, וווּ ס'זאָל זיין וואַלד און טאַקע ים אויך. אָבער אַ וואַ־

רימער ים מיט א ווילדער נאטור און קולטוראלנער געזעלשאפט. עס זאל זיין קולטור, עלעגאנט, דאנסינג און אן באקאנטע פארשוינען. נאר אויב באקאנטע, זאלן זיי זיין מיט, מיט, מיט...

דאקטאר (קלאפט אז טיש און שרייט): מאדאם, פארט קיין האמבורג! פארט קיין זעליבאזש! קיין ביאליסטאק! קיין ריא דע־זשאנייראָ, קיין האנאלולו! קיין ביאריץ! קיין גורע־קאלווארא! צו די הרי־חושך! צום נארד־פאל! צו אלדי רוחות! צו... צו... צו!...

(ער באקומט א נערוון־אטאק. מען מינטערט אים אפ מיט צרוים מי).

דאקטאר: (רעדט מיט א קרעכץ): נו, איצט בין איך שוין אליין קראנק. איצט, מאדאם, באדארפט איר שוין מיר געבן אן עצה, וואוהין צו פארן אויף ערהאלונג.

פארהאנג.

## איך פאָר אַהיים...

(רייזע=מאַטיוו)

וואָס טויג מיר די „אויסלאַנדס“ די ווייטע,
די ים־בערעג, גרויסע קוראָרטן? —
אַהיים וועל איך פאָרן קיין אָטוואָצק,
איך וועל מיך אָט'חית'נען דאָרטן!

וואָס דאַרף איך די זומער־קוראָרטן
אָסטענדע, ביאַרריץ און ניצע
מיט זייערע „פּעסטן“ און „ספּאָרטן“? —
פאַר מיר איז אויך גוט פאַלעניצע...

אַהיים וועל איך פאָרן אויף דאַטשע,
קיין שווידער, מיכאַלין און וואַווער:
וואָס טויג מיר די לופט פון אַבאַציע?
עס שמעקט מיר דער היימישער אויר!

וואָס דאַרף איך געפּלאַסטערטע וועגן,
פון פאַלמען געדיכטע אַלייען?
וועד דאַרף די אַספאַלטענע שטעגען? —
וואָס פעלט מיר לובלינער שאָסייען?...

וואָס טויג מיר די לוקסוס־האָטעלן
מיט זייערע ווילדע קאָמפאָרטן?
וואָס דאַרף איך די קליידער־מאָדעלן? —
איך פייף אויף די אַלע קאַראַרטן!

איך בענק נאָך מיין קליין פּענסיאָנאַטל —
דעם זיסן אָטוואָצקער „גן־עדן",
דאָרט גיי איך אַרום אין כאַלאַטל
בנעימות, אַזוי ווי ביים זיידן.

דאָרט פיר איך אַ פלירטל אַ נעטן
מיט פרייליין גענענדעל־באַלבינע,
און עס מיר די הינער־קאָטלעטן,
פאַרביים מיט אַ שטיק לעגאָמינע.

אהיים וועל איך פאָרן קיין אָטוואָצק,
וואו ציגן שפּאַצירן און שפּילן,
וואו באָן־רויך און זאַמד־שטויב און וואָלקן
דאָרט לאָזן מחיה זיך פיהלן.

וואָס טויג מיר די פּלאַזשעס אין לידע,
ווענעדיג, ברעטאָן, סאַנט־מאָריץ?
וואָס דאַרף איך קאַווקאַז און פלאָרידע?
איך בין מיר אין שווידער אַ פריץ!

מיין ליבער, מיין זיסער „שווידעריק"!
נאָך דיר גיי איך אויס מיט די כוחות;
פונוויטן דיך זע איך געהעריג,
פונוויטן פאַרנעם איך די ריחות.

נאָך זע איך די וואַסערן דיינע,
וואָס גרייכן כמעט צו די פיאַטעס, —
און וויל מען דאָס נאָפּל אויסבאָדן,
דאַן מוז מען זיך באָדן אויף ראַטעס...

איך הער אויך דאָס רוישן פון וואָלגעס
ביי דיר נעבן אייזערנעם בריקל, —
אַ ליבער, אַ שיינער „שווידערעק״!
ביזט ווערט אַ באַזונדער אַרטיקל.

וואָס דאַרף איך די אַלפּן אין גייזער,
די גראָטן אין אָפּגרונד אין שוואַרצן? —
די בערגעלעך מיסט ביי די הייזער
זיינע רעדן פיל מער צו מיין האַרצן!

ווער דאַרף די קאַסינאָס, רולעטקעס?
וואָס האָט עס ביי מיר פאַר אַ ווערדע?
אַהיים וועל איך פאָרן צו כאַפּן
אַ היימישע יידישע „דעהרע״.

אַהיים וועל איך פאָרן צו כאַפּן
אַ יידישליך־היימישע קערטל,
אַ פּאָקער, אַ זאָלאָ, אַן אָקע
און הערן אַ יידיש גלייכווערטל.

ווער דאַרף זיי, די גראַפן, באַראָנען,
די שטרענגע מאָנאָקל־מאַגנאַטן,
די „פּיוון״, „זשורפיקסן״, „באָן־טאָנען״ —
וואָס פעלט מיר אַ טאַנץ ביי לאָ פּאַ טאַ ן?

וואָס טויג מיר די „אויסלאַנדס״ די ווייטע,
די בעדער און זומער־קוראָרטן? —
אַהיים וועל איך פאָרן קיין אָטוואָצק
און וועל מיך אָט׳חיה׳נען דאָרטן!

# צוליב אַ „קוף“ און אַ „גימל“

כאַפּט מיך אָנגעמעלט אַ באַבריליטער יונגערמאַן אין אַ צוג, וואָס איז געגאַנגען פון קאַלושין קיין ווארשע, און האָט אויסגעגאָסן פאַר מיר דאָס האַרץ אַזוי צו אויסגיסן:

— צוליב אַ זאַוויעסקע פון אַ ראָד איז חרוב געוואָרן די שטאָט בתר, און צוליב אַ „קוף“ און אַ „גימל“ איז חרוב געוואָרן מיין גאַנצע קאַריערע — ווי איז מיר!...

ער האָט אַ זיפץ געטון מיט אַ זיפץ פון גאַנצע דריי אַרשין און ווייטער געזאָגט:

— אַ דיכטער בין איך, גדליה פּאַנטשיק הייס איך. איך שרייב לידער, פּאָעמען, סאָנעטן און טריאָלעטן; וויל אָבער קיינער מיינע לידער נישט דרוקן. די טאָג־צייטונגען שיקן מיך אָפּ צו די וואָכן־בלעטער; די וואָכן־בלעטער — צו די חודש־זשורנאַלן; די חודש־זשורנאַלן — צו די יערלעכע אַלמאַנאַכן; די יערלעכע אַלמאַנאַכן — צו די „איינמאָל־אין אַ־יובלס“ — און קיינער וויל נישט דרוקן.

בלויז איין זשורנאַל איז פאַראַן, „דער יוגנטלעכער וואָרצל“, וואָס וויל אָננעמען מיינע לידער. וויל אָבער דער רעדאַקטאָר, אַז איך זאָל אים באַצאָלן פאַרן פּלאַץ, וואָס איך פאַרנעם אין זיין זשורנאַל, פאַרן זאַץ און פּאַפּיר און דרוק, אָדער איך זאָל אים צאָלן פון שורה; נישט פיל, 15 גראָשן פון שורה זאָל איך אים צאָלן. און אויב איך וויל, ס'זאָל גאָר גוט זיין, זאָגט ער, קאָן ער זיי, מיינע לידער, דרוקן אַלס אַן אַנאָנס און כ'זאָל אים צאָלן פאַר מילימעטער, 25 גראָשן אַ מילימעטער איינשפּאַלטיק, און 40 גראָשן צוויי־

שפּאַלטיק. און מחמת עס איז אַ ליטעראַרישע זאַך, לאָזט ער מיר אַראָפּ 40 פּראָצענט ראַבאַט.

קיין סך קאָן איך נישט צאָלן, שרייב איך דעריבער קורצע לידלעך, מיט שמאָלע שורות. איך מוז זיך פּאַסן קורץ, און זיך לאָזן דרוקן מיט קליינטשינקע אותיותלעך, מיט „פּעטיט“, קוים וואָס מען קאָן לייענען; איך מוז אויסשניידן שורות, אַרויסוואַרפן ווערטער, און אַמאָל אויך אותיות.

אַ מעלה האָט עס, וואָס אַזוי־אַרום בין איך געוואָרן אַ דיכטער פוטוריסט און אימפּרעסיאָניסט, מאָדערניסט, דאַדאַאיסט, און ווייס איך נאָך וואָס אַליין.

איך מיין, אַז אַ סך דיכטער זענען אַזוי־אַרום געוואָרן מאָדערנע דיכטער. און איך, גאָט איז מיין עדות, איך וואָלט דווקא געשריבן לאַנגע לידער מיט לאַנגע שורות; פּאָעמעס וואָלט איך געשריבן, לאַנגע פערזן מיט אַ פאַרנעם, מיט אַ רחבות, ווייל איך האָב, דאַנקען גאָט, וואָס צו זאָגן. עס זענען פאַראַן געדאַנקען, עס איז פאַראַן פאַנטאַזיע, עספּרי, אָטעם, איינבילדונגס־קראַפט, אינטואיציע; אַלץ איז פאַראַן. אַ גאַנצע „עליאַדע“ וואָלט איך אָנגעשריבן, וואָרום זיין בין איך בעצם גאָר אַן עפּיקער, אַ קלאַסיקער. נאָר גיי, זיי מוחל, שרייב קלאַסישע און דראַמאַטישע פּאָעמעס און צאָל פון שורה... שיין וואָלט איך אויסגעזען... עס איז מיר נאָר אַ וואונדער: וואו האָט געטהע גענומען אַזוי פיל געלט צו צאָלן פאַר זיין „פאוסט“ פער שורה? און וואו האָט גענומען דאַנטע צו צאָלן פאַר זיין „געטלעכע קאָמעדיע“ אַלס אַן אַנאָנס?

אפשר האָבן זיי געקאָנט צאָלן; איך קאָן נישט. איך מוז דעריבער שרייבן קורצע לידער מיט קורצע שורות, און איך טאָר זיך אפילו נישט דערלויבן אויף פּאַסקעס אָדער פּינטעלעך...

פונדעסטוועגן, אויף־וויפיל איך בין ביכולת, לאָז איך זיך קאָסטן. דווקא וואָס? איך האָב מיר מיין חשבון: לאָמיך זיך לאָזן קאָסטן. זאָלן מיינע לידלעך זיך ווייזן אויף דער ליכטיגער וועלט. אַ דאגה האָב איך, זאָלן זיי זיין אפילו אין דער פאָרם פון „אַנאָנסן“. אָבער לאָמיר כאָטש ווערן אַביסל פּאָפּולער, וועט שוין זיין גוט. איך וועל אָנהויבן פאָרן אויף פאָרלעזונגען און לעקציעס און רעפעראַטן.

און דאָס איז דער עיקר... אַלע פאָרן היינט אויף פאַרלעזונגען. אויב חבר בענצע, וואָס האָט אָנגעשריבן אַ בריוו אין רעדאַקציע וועגן „צובראָכענעם פאַרקן אַרום טריסקער בית־עולם", פאָרט איצט אַרום מיט אַ פאָרטראַג וועגן „שפּענגלערס אונטערגאַנג פון די מערב־לענדער", פאַרוואָס זאָל איך, אַ געוועזענער גייסטרייכער דיכטער מיט געדאַנקען און מיט פאַנטאַזיע, מיט עספּרי, מיט זאַפט, מיט ליידנשאַפט און אָטעם, אינטואיציע און איינבילדונגס־קראַפט — פאַרוואָס זאָל איך נישט פאַרפאַסן עפּעס אַ לעקציע?

האָב איך מיר צונויפגעשטעלט אַ לעקציע, אַ וואונדערבאַרע לעקציע, אויף דער טעמע: „די סינטעטישע דיאַפראַגמע, פון דער עראָטישער סובסטאַנץ און נאָך עפּעס". און טעזיסן האָב איך, שיינע טעזיסן: „דער קוגל־טאָפּ פון פאַרנט און פון הינטן", „דער קדמון", „נוקווע דערוכרע" און „דאָס לאָך פון טינטער", אָדער פאַרקערט; „מענש, חיה און צוקערקאַנדל"; „וואו איז מיין עלנבויגן?" „טראַנס און פּאַטענץ", פליגן אין נאָז", „יוקים בעמבע" און אַנדערע...

בין איך געזעסן און האָב געוואַרט, ביז אַ שטעטל, אָדער עפּעס אַ געזעלשאַפט, וועט זיך מרחם זיין און מיך אויסשרייבן אויף אַ פאַרלעזונג. ערשט אין קול ואין עונה, קיינער רופט זיך נישט אָפּ. קיינער דאַרף מיך נישט. אַ מהומה אויף זיי. איך האָב שוין געהאַט גאָר פאַרלוירן די האָפנונג אויף אַן איינלאַדונג.

ערשט דאָ־נישט־לאַנג באַקום איך אַ בריוו פון מיינעם אַ גוטן ברודער און אַ פאַרערער פון מיין טאַלאַנט פון קאַלושין, דוד פּינ־קעלשטיין, אַז היות, ער ווילט יעצט צוליב זיינע מעל־געשעפטן (ער איז אַ מעל־סוחר, איז ער) אין קאַלושין, וויל ער ווערן מיין אימ־פּרעסאַריאָ און מיר איינאָרדנען דאָרטן אַן אָוונט, איך זאָל ליי־ענען, הייסט עס, מיין לעקציע מיט די טעזיסן. היינטיקן פרייטאָג זאָל איך קומען. דער זאַל איז שוין געדונגען, די פּלאַקאַטן צעהאַנגען.וועל איבערלייענען מיין לעקציע, און מיר וועלן אי"ה האָבן אי דעם מאָראַלישן, אי דעם מאַטעריעלן דערפאָלג...

צו מיין שמחה איז נישט געווען קיין עק. אַ גאַנצע וואָך האָב איך זיך מכין געווען. אויסגעלערנט מיין לעקציע אויפן נאָרל, עס זאָל גיין גלאַט, ווי אַ וואַסער; איינגעשטודירט ביים שפּיגל די אַלע

מאַניערן און זשעסטן מיט דעם גאַנצן פּאַטאָס, וואָס זענען נויטיק פאַר אַן אמתן פּרעלעגענט.

---

דעם גליקלעכן פרייטאָג האָב איך אויסגעפּרעסט מיין אַנצוג, געצוימען די טעזיסן, אויסגעגעבן די לעצטע פּאָר גילדן אויף אַ ביי־לעט און היידאַ — קיין קאַלושין...

איך בין געזעסן אין וואַגאָן, און קיינער איז צו מיר נישט געווען גלייך. איך האָב זיך נאָר געוואונדערט, וואָס די יידן, וואָס זענען געזעסן אַזוי גלייכגילטיק אין וואַגאָן, האָבן גאָרנישט גערעדט וועגן מיין לעקציע. זיי האָבן גערעדט וועגן תבואה, וועגן וועקסלען, שטייערן, שידוכים, קריזיס, און דער שוואַרצער יאָר ווייסט, וואָס נאָך; און קיינער האָט אפילו נישט דערמאָנט מיט אַ וואָרט וועגן מיין לעקציע...

מאָלט איך, אַז איך האָב זיך שוין באמת, אַז עס זאָל יאָ באַוואוסט ווערן וועגן וואָס איך פאָר, מחמת ווען דער קאָנדוקטאָר איז אריינגעקומען צו קאָנטראָלירן די בילעטן, האָב איך אים גע־פרעגט אויפן קול: „פּראָשען פּאַנאַ, ווען קומט־אָן דער צוג קיין קאַלושין, איך זאָל, חלילה, נישט פאַרשפּעטיקן, מחמת איך האָב האָך היינט אַ לעקציע „וועגן די סינטעטישע דיאַפּראַגמע פון דער עראָטישער סובסטאַנץ מיט נאָך עפּעס". האָט דער קאָנדוקטאָר אויס־געשטעלט אויף מיר אַ פּאָר גרויסע אויגן און איך האָב געזען, אַז עס האָט אויף אים געמאַכט אַ שטאַרקן רושם. נאָכדעם האָב איך זיך געווענדעט צו אַ יידן און האָב געזאָגט:

— זייט אַזוי גוט, ר' ייד, און פאַרמאַכט די פענסטער, מחמת איך קאָן זיך נאָך צוקילן און ווערן הייזעריק, און איך דאַרף נאָך היינט האַלטן אַ לעקציע אין קאַלושין אויף דער טעמע: „די סינ־טעטישע דיאַפּראַגמע פון דער עראָטישער סובסטאַנץ און נאָך עפּעס" — מיט טעזיסן.

האָב איך געזען, אַז אויך אויף אים האָט עס געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק.

נאָכדעם האָב איך מיך געווענדעט צו דעם גאַנצן וואַגאָן יידן און געזאָגט:

— זאָגט מיר, — האָב איך געזאָגט, — ליבע יידן, וועט נישט דאָ געשען עפּעס אַ קאַטאַסטראָפע, חלילה... מחמת איך קאָן נאָך, חלילה, נישט קומען צו דער צייט קיין קאַלושין, און איך דאַרף דאָרטן הײַנט אָוונט האַלטן אַ רעפעראַט אויף דער טעמע: „די סינטעטישע דיאַפראַגע פון דער עראָטישער סובסטאַנץ און נאָך עפּעס" — מיט טעזיסן: „דער קוגל־טאָפּ פון פאַרנט און פון הינטן", „נוקווע דער־דוּבּרע", „דאָס לאָך פון טינטער", אָדער פאַרקערט; „מענטש, חיה און צוקערקאַנדל", „פליגן אין נאָז", „יוקים בעמבע" און אַנדערע.

האָב איך געזען, אַז אויך אויף די אַלע פּאַסאַזשירן האָט עס געמאַכט אַ שטאַרקן אײַנדרוק, און אַ גאַנצן וועג האָבן זיי געהאַלטן אין איין קוקן אויף מיר, שושקען זיך און שמייכלען און כי־כי־קען מיר מיט אַ גרויס הדרך־ארץ.

אויפן באַן אין קאַלושין האָב איך מײַן אימפּרעסאַריאָ נישט געטראָפן, איז מיר געוואָרן קשה. בין איך אַרויס אויף דער גאַס, האָב געזוכט אויף אַלע ווענט אַן אַפיש וועגן מײַן רעפעראַט — און נישט געפונען. וועגן אַלץ זענען געווען אַפישן: וועגן אַ קינאָ־בילד מיט מאַקס לינדער און פּאָלאַ נעגרי, אַ סאַניטאַרע פאַראָרדנונג פון סטאַראָסטע וועגן ריינקייט, אַ מעלדונג וועגן רעקרוטן צום נייעם פּריזיוו, וועגן אַ פאַרזאַמלונג אין לייַ־און־שפּאַר־קאַסע; אָבער וועגן מײַן פאָרלעזונג נישט קיין איין וואָרט! איז מיר געוואָרן שטאַרק אויפגעפאַלנד. בין איך אַוועק זוכן מײַן אימפּרעסאַריאָ, דוד פינקעל־שטיין; האָב איך אים געטראָפן אין אַ הויז צו וועטשערע, ווי ער עסט לאָקשן.

גיב איך אים אַ פרעג:

— נו?

ווײַזט ער מיר אויפן וואַונק, אַז איך זאָל וואַרטן, ביז ער וועט אַראָפּשלינגען די לאָקשן, מחמת ער קאָן זיך נאָך דערוועגן.

שליסליך שלינגט ער אַראָפּ דאָס לעצטע לעפל לאָקשן, ווישט אָפּ דאָס מויל מיטן טישטוך און זאָגט:

— נישטאָ קיין לעקציע!

— היתכן? — פרעג איך, און איך הער, אַז עס פאַלן מיר זיין די דמים.

ערקלערט ער מיר:

— מיט אייער לעקציע — זאָגט ער — איז אַ מיאוסע גע־שיכטע. איך בין געגאַנגען — זאָגט ער — אין דרוקעריי דרוקן די־אַפּישן, האָב אויסגעשטעלט אַן אַפּיש, אַז היינט, פרייטאָג, אַזוי און אַזוי... נעמט דער דרוקער און פאַרריכט: נישט „פרייטאָג", נאָר „פרייטיק". נישט קיין „גימל", נאָר מיט אַ „קוף". זאָג איך: נישט „פרייטיק" מיט אַ „קוף", נאָר „פרייטאָג" מיט אַ „גימל", ווי אַלע יידן שרייבן. זאָגט ער: „מיך גייט נישט אָן, ווי אַזוי אַלע יידן שרייבן. אונזער דרוקעריי איז אַ בונדיסטישע דרוקעריי און מיר האָבן אונזער אייגענע פּראָלעטאַרישע אָרטאָגראַפיע: „פרייטיק", מיט אַ „קוף"!

זאָג איך: די לעקציע איז פאַר אַלעמען, פאַר אַלע קלאַסן און שיכטן פון פאָלק. דער לעקטאָר, זאָג איך, איז העכער פון אַלע פּאַר־טייען און אַלע שטרייטיגקייטן. און די טעמע איז פאַר דער גאַנצער מענטשהייט, און איך וויל, אַז אַלע זאָלן פאַרשטיין.

זאָגט ער: אים גייט נישט אָן די אַלע בירגערלעכע עלעמענטן, און ער וועט נישט אָפּלאָזן פון זיין אָרטאָגראַפיע, וואָס איז אויס־געקעמפט מיט בלוט און שוויים פון פּראָלעטאַריאַט, און ער וועט דרוקן „פרייטיק" דווקא מיט אַ „קוף".

אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט, האָב איך אים אָנגערופן „לאַבוז"; האָט ער מיך אָנגערופן „בורזשוי"; האָב איך אים אָנגערופן „האָ־לאַדראַנעץ"; האָט ער מיך אָנגערופן „לאַכודרע". האָב איך אים אָנגערופן „באָר־יונג"; האָט ער מיך אָנגערופן „פליאַסקעדריגע", — ביז מיר האָבן זיך צופּאַטשט, און פון דעם אַפּיש איז גאָרנישט גע־וואָרן. און אַז קיין אַפּישן זענען נישטאָ, לייענט מען נישט; און אַז מען לייענט נישט, ווייס מען נישט, קומט קיין עולם נישט; און אַז עס איז נישטאָ קיין עולם, איז נישטאָ קיין לעקציע. און — אַ גוטן טאָג מיט דער קאַפּאָטע!

---

וואָס איז געווען דער סוף, ווילט איר וויסן? דער סוף איז גע־ווען, אַז איך האָב געבאָרגט ביי אים אויף אַ בילעט און איך פאָר איצט צוריק קיין וואַרשע.

און ער האט פארענדיקט מיט אזא קול, וואס האט געקאנט רירן א שטיין:

— איבער א זאוויעסקע פון א ראד איז חרוב געווארן די שטאט בתר, און איבער א „קוף“ און א „גימל“ איז חרוב געווארן מיין קארירע פון א פרעלעגענט... ווי איז מיר!

# עס האָט זיך אים פאַרוואָלט טרינקען ווייַן

בונם קאַפּלאַנטשיק, דער לערער פון בּוכהאַלטעריע, האָט געהאַלטן פון אַ טרונק ווייַן. נישטאָ קיין בּעסערער און אײדעלערער געטראַנק, ווי ווייַן! — האָט ער געזאָגט. און ער איז טאַקע געווען דער גרויסער מבין אויף.

דאָס הייסט, אין תוך גענומען, האָט ער קיין ווייַן נישט געטרונקען פשוט דערפאַר, וואָס אַ טרונק ווייַן איז זייער אַ טייערער זיסן און נישט גאָך זיין קעשענע. נאָר על־פי־שכל האָט ער זייער גוט פאַרשטאַנען דעם ענין פון טרינקען ווייַן.

דער שם, אַז בונם קאַפּלאַנטשיק איז אַ גרויסער ווייַן־טרינקער און מבין, האָט זיך גענומען דערפון, וואָס ער האָט ליב געהאַט צו רעדן וועגן ווייַן און געבן צו פאַרשטיין די טעאָריע פון טרינקען ווייַן. געהאַלטן אַן עולם ומלואו פון די לענדער, וואו „מען באָדט זיך אין ווייַן", ווי, למשל, בעסאַראַביע, הישפּאַניע און בּידנאָשץ. וואו, מען זאָגט, יעדער האָט אַ קעלערל מיט ווייַן, און וואו אָן ווייַן גייט מען גאָר צום טיש נישט.

ער האָט אויך ליב געהאַט צו רעדן וועגן באַראָן ראָטשילדס ווייַן־קעלערן אין ראשון־לציון, וואו, ווי מ'זאָגט, מען גיט יעדן אײנעם, וואָס קומט אַהין אַריין, צו טרינקען ווייַן, וויפיל דאָס האַרץ גלוסט און טאַקע בחנם.

איצט האָט ער אַלץ געוואַרט, אַז גאָט זאָל אים צושיקן די געלעגנהייט, ער זאָל קאָנען ערגעץ כאַפּן דעם אמתן טרונק ווייַן.

און דעריבער, ווען ער האָט דערהערט, אַז זיין פריינט יודל ביינוש האָט געעפנט אויף הייַנטיקן ערב־פּסח אַ ווייַן־קעלער אויף

דער פשעכאָרנע גאַס, און טאַקע דאָ הי אין וואַרשע, איז ער געוואָרן מלא שמחה.

— איצט איז געקומען די צייט, איך זאָל מיך אָנטרינקען מיט וויין, ווי אַ פאַס. און זאָלן טאַקע אַלע זען, ווי־אַזוי מען דאַרף טרינקען וויין.

יודעל־ביינוש איז זיינער אַ גוטער ידיד און טאַקע אַ בן־עיר אויך, אַ ליטוואַק, און ער וועט אים קיין וויין נישט זשאַלעווען.

אמת, דער יודעל־ביינוש איז נישט דער גאַנצער בעל־הבית דאָרט אין קעלער. ער האָט אַ שותף אַ פוילישן ייִדן. נאָר אַז איין שותף וויל מכבד זיין אַ פריינט, וועט דער צווייטער שותף דען שטערן?

האָט זיך בונם קאַפּלאַנטשיק גענומען מכין־זיין מאַכן אַ וויזיט זיין ידיד יודעל־ביינושן אין זיין וויין־קעלער אַריין.

ווען־זשע גייט מען?

אַמבעסטן וואָלט געווען נאָכמיטאָג, ווייל נאָכמיטאָג איז אַ גלעזעלע וויין גאָר אַ בחיר.

אַזוי פאַרשטייט ער על־פּי טעאָריע. און דער שכל איז מחייב: נאָכמיטאָג ווילט זיך איבערהויפּט אַ טרונק וואַסער. הייִנט מה־דאָך, אַז וואַסער איז גוט, אַ פשיטא שוין וויין!

ער לאָזט זיך גיין אין קעלער אַריין. זיין כח־הדמיון צעשפּילט זיך ביי אים און זיין פאַנטאַזיע הויבט־אָן באַצייטנס צו מאָלן אים איין תענוג גרעסער פון צווייטן: אָט זיצט ער שוין אינם וויין־קעלער. די גאַנצע לופט איז אָנגעזאַפּט מיט די טייערע וויין־ריחות. און זיין פריינט, יודעל־ביינוש, גיסט אים אָן איין גלעזל וויין נאָך דעם אַנדערן, און דוקא אַ טיי־גלאָז, מחמת אין אַ וויין־קעלער טרינקט מען דאָס רוב וויין פון אַ טיי־גלאָז. זיין פריינט האַלט אין איין שעפּן וויין פון פעסער, מען עפנט פלעשער, מען מישט, מען גיסט, מען מאַכט מזיגות, און ער האַלט אין איין זופּן, ער גיסט ווי נישט־אין־זיך. און ער רעדט און זאָגט מבינות, און אַלע קאָנען זיך נאַרנישט אָנהערן פון זיינע קלוגע מבינות און הסברות. און מ׳וועט זיך וואונדערן: ווי קומט עס צו אַזאַ פשוטן מענטשן אַזאַ געשמאַק אויף וויין?

און אַזוי טראַכטנדיק, קומט ער אין קעלער אַריין. לאָזט זיך אויף די קרומע טונקעלע טרעפּלעך אַראָפּצוציגן. אַ זויערע שטאַרקע

זוין־געריך גיט אים אַ זעץ אין די נאָזלעכער, קיצלט אים אין האַלז און צוגייט אים אין אַלע אברים. דער געריך פירט אים אין אַ צווייטן טונקעלן קאָרידאָר. ער איז שוין אין קעלער.

זיין פריינט, יודעל־ביינוש, אַ ייד מיט אַ בלאַס פּנים, ווי אַ רעטעך, מיט אַן אָפּגעשאָסענעם האַרטן קאַפּעליושל, מיט אַ שוואַרץ בערדל, ווי שוואַקס, און פון וועלכן עס האָט זיך געטראָגן אַ זויערער ריח פון עסיג, רוקט אים אונטער אַ צובראָכן בענקעלע:

— זיץ, זיץ, בונם.

— אַ דאַנק. וואָס זאָלסטו זיך מטריח זיין! — ענטפערט בונם זייער איידל.

ביי אַן אַלט פאַרפלעקטן שרייב־טישל זיצט נאָך עפּעס אַ ייד מיט אַן עקשנותדיקער קופּערנער באָרד און מיט אונטערגעשוירענע קמצנישע וואָנסען, אַ פּאָר גרויסע בלעכערנע ברילן אויפן שפּיץ נאָז, רעכנט עפּעס אויף ביינדלעך און שרייבט אין אַ בוך, אונטערברומענדיק עפּעס אַ ניגון פון סליחות. קענטיק — דער שותף.

— אָט, מען גייט פאַרביי, — זאָגט בונם ווייטער, — האָב איך מיר אָראָפּגעכאַפּט צו זען, וואָס דו מאַכסט אין דיין נייעם וויין־געשעפט.

— וואָס הייסט „דיין געשעפט“? — הויבט־אויף דער רויטער ייד זיין קאָפּ פון בוך און קוקט מיט כעס איבער די ברילן. — ס'איז אונזער געשעפט!

— איך מיין טאַקע, אַ ייער געשעפט... — פאַרריכט בונם.

— נישט צו פאַרזינדיקן, פאַראַן סחורה, — ענטפערט יודעל־ביינוש, — פּרימאַ סחורה... נאָר קיין טרינקער זענען נישטאָ. יידן ווייסן ניט, ווי צו טרינקען? טרינקען וויין, מיין פריינט, איז אַ חכמה, ווי אַלע חכמות!

— אַ נאַאוקע, ווי אַלע נאַאוקעס, — גיט־צו בונם. — ס'איז דען דאָ אַ גרונט?

— [illegible] למשל, — ציט ווייטער יודעל־ביינוש, — מען גיסט דיר אָן אַ גלעזל וויין. וואָס־זשע טוט אַ פּראָסטער חי־וקים? ער [illegible] דעם גלעזל אין מויל אַריין און פאַרטיק. אָבער פּע!

נישט אזוי טרינקט א מבין. דער אמתער טרינקער, דער אמתער פיינ־שמעקער באשמעקט עס.

— באשמעקט עס, — איז בונם מסכים. — געוויס, מיר, מבינים, פארשטייען דאך, ווי צו טרינקען וויין. נישט מיט אמאל, נאר ביסלעכווייז: א קליין זופעלע און נאך א זופעלע...

— נאכדעם באלעקט ער עס.

— באלעקט ער עס, — איז בונם מסכים.

— נאכדעם צוריבט ער עס מיטן צונג און גומען. נאכדעם שפייט ער עס גאר אויס! פארשטייסט, אויסגעשפיגן און פארטיק. ער דערשלינגט עס צומאל נישט. כדי וואס? כדי צו שפירן דעם אמת־טעם.

בונם באלעקט זיך און שפייט־אויס.

— געוויס, אויסגעשפיגן און פארטיק.

— און איך מיין, אז דער עיקר איז די נאז און נישט דער גומען, — זאגט דער געלער שותף פון בוך ארויס, פארביסן מיט געציילטע ווערטלעך, ווי א קמצן, וואס ציילט געלט — דער אמתער טרינקער דארף דעם גומען אויף כפרות... ווארום דער אמתער טרינקער נעמט גאר דעם וויין נישט אין מויל אריין... ער נעמט א טראפן וויין און צוריבט עס אויף דער דלאניע .. נאכדעם טראגט ער אונטער די דלאניע צו דער נאז און שמעקט... א יא, יונגערמאן?

— געוויס, — איז בונם מסכים, — צעריבט עס אויף דער דלאניע, טראגט עס אונטער צו דער נאז און שמעקט.

— און איך זאג, אז נישט די נאז שפילט דא א ראליע, נאר דוקא דער גומען! — שפארט זיך דער ליטווישער שותף יודעל ביינוש. — ווי זאגסטו, בונם?

— מען קאן נישט זאגן, — דער גומען שפילט אויך א ראליע. מען לעקט.

— און איך זאג, אז נישט דער גומען, נאר דוקא די נאז, — זאגט דער שותף, — מען שמעקט.

— אודאי קאן מען די נאז נישט אוועקמאכן, — שאקלט בונם אין דער זייט פון שותף, — מען שמעקט.

— זאָלט איר מיר מוחל זיין, ר' וואָלף, איר פאַרשטייט נעבעך נישט, וואָס איר רעדט! — זאָגט יודעל־ביינוש.

— איך פאַרשטיי נישט, און איר פאַרשטייט? ביי וועמען האָט איר זיך געלערנט מבינות אויף וויין? ביי אייערע ליטוואַקעס?

— אַ ליטוואַק האָט מער געשמאַק פון אייך.

— אויף אַ רעטעך.

און איר זענט אַן עזות־מחוצפניק!

— און איר זענט אַ פערד! שותף מיינער! געזען אַביסל?!

— געפעלט אייך נישט מיין שותפות, — קאָנען מיר זיך צוגיין!

— איז צוגיין?

— צוגיין!

— אוים!

— אַן עק!

— שאַ, שאַ!... — מישט זיך אריין בונם אַ דערשראָקענער. — וואָס דאַרף מען זיך דאָ קריגן? פע, אַ חרפה, בנאמנות. עלטערע מענטשן, מיושבדיקע, זאָלן זיך אַזוי אַמפּערן... איך מיין, אַז ביידע אברים זענען גוט ביי אַ גלעזל וויין: אי דער צונג, אי די נאָז. אי צום לעקן, אי צום שמעקן... פאָלגט מיך, מאַכט שלום און זאָל מען טרינקען לחיים.

— האָסטו געהערט? — גיט זיך דער גלעזער שותף אַלץ נישט אונטער. — אַז דער שכל איז מחייב, אַז דער עיקר איז דאָ די נאָז. וואָרום צו אַלעם ערשטן גייט דער חוש־הריח. אַזוי איז אין יעדן מאכל, אַזוי איז אין יעדן געטראַנק. אַ ראיה האָט איר: אָט, נעמט דאָס אמתע וויין־גלעזל, אַ באָקאַל, הייסט עס. ווי איז עס געמאַכט? אונטן שמאָל, אינמיטן ברייט, און אויבן ווידער שמאָל. כדי וואָס? דער אַראָמאַט זאָל זיך נישט אויסוועפן. אָט קומט נאָר אַהער.

דער גלעזער שותף נעמט אַ קיילעכדיק גלעזל, גיסט עס אָן פול מיט וויין פון פעסל און טראָגט־אונטער לייזער־אליהן אונטערן נאָז.

— איר שמעקט?

— אוואַ! עס שמעקט אַ ריח גן־עדן, — זאָגט בונם און וויל נעמען דאָס גלעזל.

דער גלעזער שותף גיסט־אויס דאָס גלעזל ווײַן צוריק אין טאָס אַרײַן, שטעלט אַוועק דאָס ליידיקע גלעזל אויפן טיש און זאָגט ווײַטער:

— איצט זעט איר שוין, אַז גערעכט בין איך. דער עיקר איז דאָ דער ריח.

— און איך זאָג מײַנס, — עקשנט זיך גדעל־בײַנוש, — אַז דער עיקר איז דער גומען.

— מילא, איר ווילט מיך איבערשפּאָרן, איז דאָך נישט שייך. זענט איר אַ ליטוואַק, אַן עקשן, אַן אײַנגעשפּאַרטער אָקס!

— און איר זענט אַ פערד, אַ פּוילישער פערד!

— אַ פערד בין איך, אַז איך האָב מיט אַזאַ מנוּבל, אַ ליטוואַק, געמאַכט שותפות!

— איך קאָן אײַך אַרויסלאָזן פון שותפות.

— געמאַכט!

- אויס! שליסן מיר צו דאָס געשעפט!

— שליסן!

— שליסן!

— און טאַקע זאַראַז! תיכף ומיד!

— געפּועלט!

דער גלעזער ייד פאַרמאַכט האַסטיק דאָס בוך. ר׳ בײַנוש כאַפּט זיך פאַרשפּילען די קנעפּלעך פון זײַן קאַפּאָטע. נאָר בונם מישט זיך אַרײַן אַ דערשראָקענער:

— שאַ, שאַ!... זעט נאָר, וואָס דאָ טוט זיך, — רעדט ער מיט אַ פאַרטריקנט, פאַרשמאַכט קול. — עלטערע מענטשן זאָלן זיך קריגן! אַ חרפּה, בנאמנות. פע, נישט שיין... איך מיין, אַז אַ גוט ביסל ווײַן דאַרף אי שמעקן, אי ס׳דאַרף זײַן בעטעמט. אין פלוג בעקומען, זענט איר בײדע גערעכט. אַזאַ יאָר אויף מיר, ווי איר זענט גערעכט! איך בין אפילו אַ ווײַטיקער מענטש, נאָר מײַן עצה — מאַכט שלום און נאָמיר טרינקען לחיים...

— און אויב איר ווילט נאָר, — זאָגט דער שותף און קאָכט זיך, — שפּילט דאָ אַ האַלע נישט די נאָז און נישט דער גומען, נאָר דאָס אויער, דער חוש־השמיעה. וואָרום דער אמתער ווײַן זינגט

— אויב אזוי, איז נישט דער חוש־השמיעה, נאָר דער חוש־הראיה. מחמת הער אמתער ווײַן שפּילט, — איז דער צווייטער שותף מחולק.

— און איך זאָג, אַז עס זינגט. מחמת ווײַן, להבדיל, איז ווי מוזיק, נגינה. עס זינגט ווי אַן אָרגעל, מיט אויבערשטע טענער און אונטערשטע טענער; עס קלאַפּט פון אויבן, עס קלאַפּט פון אונטן. ווי מיינט איר, יונגערמאַן?

— געווים, עס קלאַפּט פון אויבן, עס קלאַפּט פון אונטן, — שאָקלט בונם מיטן קאָפּ מיט גרוים הסכמה.

— און איך זאָג מיינס. דער אמתער ווײַן נישט עס זינגט, נאָר עס שפּילט. אדרבא, קום אהער, בונם.

יודעל־ביינוש גיסט אים אָן פון פאַס אַ גלעזל ווײַן, טראָגט אונטער בונמען אונטער די אויגן.

— דו זעסט? קוק אויפן שײַן, ווי עס שפּילט. האַ? עס חנדלט זיך? עס קאַליִרט זיך? האַ?

בונם ציט־אוים דעם האַלז, קוקט דורכן גלעזל און באַוואונדערט: אַי, אַי, אַי!... פּש, פּש, פּש!... — און ציט־אוים די האַנט צום גלעזל.

יודעל־ביינוש גיסט צוריק דאָס גלעזל ווײַן אין פאַס אַריין און טריאומפירט:

— זעסט שוין? עס שפּילט. האַ?

— עס שפּילט, — איז מודה בונם און גיט אַ זיפץ.

— פאַר אײַך שפּילט עס, ווײַל איר האָט אַ פאַרשטאָפּטן חוש־השמיעה. פאַר דעם, וואָס האָט אַן אײדעלן חוש־השמיעה, זינגט עס. עס זינגט מיט אַלערליי נגונים. עס וויינט, עס קרעכצט, עס דוישט, עס זינגט זמירות... ווי מיינט איר, יונגערמאַן?

— געווים, — איז מסכים בונם — עס קרעכצט, עס רוישט, עס וויינט, עס זינגט זמירות.

— פאַרדרייט אײַך אײַער קאָפּ — כעסט זיך יודעל־ביינוש. — „רוישט", „זינגט", „טאַנצט". אַ גוט ביסל ווײַן דאַרף וואַרימען, און ווײַטער גאָרנישט.

— נישט וואַרימען, נאָר פרישן — זאָגט דער טאַטע, אויף צו־להכעיס.

— נישט פרישן, נאָר וואַרימען אין בויך. ווי מיינסטו, בונם?

— געוויס, וואַרימען אין בויך, — פּאַטאַקעוועט בונם.

— און איך זאָג: פרישן ביים האַרצן, איאַ, יונג־ערמאַן?

— אודאי. עס דאַרף פרישן ביים האַרצן אויך.

— זעט איר שוין! — טריאומפירט יודעל־ביינגוש. — ער כאַפּט שטייט שוין מער פון אייך.

— אייער פריינט ווייס, וויפיל איר, און איר, ווי אייער פריינט! איר זענט ביידע ליטוואַקעס. איר זענט מבינים אויף קאַרטאָפל, אָבער נישט אויף ווייַן!

— און איר זענט אַ חצוף, און איר באַליידיקט מיין גאַסט!

— און איר זענט אַ בהמה בצורת פערד!

— און איר זענט אַ פּוילישע הריפקע!

— און איר זענט אַ ליטוואַק־חזיר!

— און איר זענט אַ גראָבער יונג! אַ פערד!

— איר זענט אַליין אַ פערד און אַ לאַידאַק!

— אַ לאַידאַק זענט איר!

— אַן אַלטער גנב! אָנזעצער!

— פאַר דעם וואָרט גנב וועט איר כאַפּן פעטש!

— אַנו, זאָלן מיר טאַקע זען!

— ווייז איך טאַקע... באַץ!

— פּוק! האַק! ליאַפּ!

עס ברעכט־אויס אַ מהומה... עס פליען פעטש, פלעשער, גלעזער, שטיקער באָרד, בענקלעך, קאָרקעס. סדום ועמורה...

אַז בונם איז בשלום אַרויס אויף דער גאַס, האָבן אים געפעלט צוויי פאָדערשטע ציין, די לינקע וואַנסע און אַ שטיק אָרבעל. דערפאַר אָבער האָט ער געהאַט צוויי ביילן אויפן קאָפּ, אַ געשוואָלענע נאָז און אונטערגעשלאָגענע אויגן.

ער איז געגאַנגען, האָט געשפּייט און געוואָרטשעט:

— ווייַן האָט זיך מיר פאַרוואָלט, צו אַלדע רוחות!... כאָלעריע!... אַ פּגירה, טפו!...

# די רולעטקע

## אָדער דער ייד מיט די סיסטעמען

### (אַ צאַפּאַטער הומאָרעסקע)

---

צוגוויפגעפרעסט אין אַ שפּאַליער פון צעפלאַמטע, צעפיבערטע, זשעדנע און צעקאַכטע מענשן, וואָס האָבן זיך געשטיקט ארום דעם רולעטקע־טיש אין צאַפּאַט, האָב איך זיך געשטיקט אויך אַ צע־פלאַמטער, זשעדנער, צעפיבערטער און אַ צעקאַכטער.

איך האָב געהאַלטן מיין לעצט איין־ און־איינציק פאַרבליבן צוויי־גולדן־ביינדל אין האַנט און געטון דריי זאַכן מיטאַמאָל: גע־טראַכט, געזאָרגט און געקראַצט זיך אונטער דער צווייטער פּאה.

וואָס טוט מען איצט? זאָל איך אוועקשטעלן דאָס לעצטע ביינדל און יוצא, פאַרשפּילן און אראָפּ פון מארק... און אפשר... ווער ווייסט, וואָס פון דעמדאָזיקן איין־איינציקן לעצטן ביינדל קאָן נאָך ווערן.. עס וואָלט געווען שיין, ווען איך שטעל אָט אויף אַ נומער און איך געווין, נאָכדעם כפל איך די סטאַווקע און געווין ווידער, און אזוי כסדר. איינע 10 מינוטן. מער דאַרף מען דאָך נישט. איין גליקליך פערטל שעה! און איך ווער פלוצלונג אַן עושר... ביי דעם טיש איז אַלץ מעגליך... אָבער אויף וועלכן נומער שטעלט מען? ווי ווייסט מען? ווי טרעפט מען?

—שטעלט אויף נומער 9. — גיט מיר עמיצער אַ ברום־אריין אין אויער.

איך גיב אַ קוק. אַ געל יידל מיט שיטערע געלע האָר, אַ געלן ווייזיט־ראָק מיט געלע טאַשמעס, אַ פּנים מיט געלע זומער־שפּרענ־קעלעך און געלע שיך.

— שטעלט אויף נומער 9, — סודעט ער מיר ווידער אַריין אין אויער.

ווי פאַרהיפּנאָטיזירט פון אַ געהיימניספולן מיסטישן שפּרוך, האָב איך מיין לעצט ביינדל אַ וואָרף געטון אויף נומער 9 און — פאַרשפּילט!

איך האָב אַ וואָרף געטון אויף מיין ייִדל אַ היתכן־בליק. דאָס ייִדל האָט געגעבן אַ רייב זיין פאַרוואַקסענעם שטערן מיט זיין געל־האָריקער האַנט און געזאָגט מיט זיין געלן קול, באַווייזנדיק אַ מויל מיט געלע ציין:

— איר האָט פאַרשפּילט. ס'איז וואָר... דאָס סיסטעם אָבער, פּאַנימאַיעטע לי ווי, איז ריכטיג. לויט מיין סיסטעם, האָט דער גומער 9 געמוזט ערשט אַרויס... ווייל אויף וויפיל איך שטיי דאָ און צייל די „קופּסן", איז שוין דער נומער 9 נישט אַרויס צוויי טעג מיט 5 שעה; און לויט מיין סיסטעם, זענען אַלע שאַנסן דערפאַר. פּאַנימאַיעטע לי ווי, ער זאָל אַרויס... מעגלעך, אַז ער זאָל נישט אַרויס; אָבער דאָס סיסטעם איז ריכטיג... איך האָב אפילו, סאָב־סטווענאַ גאַוואַריאַ, לויט דעם סיסטעם פאַרשפּילט אַ מאַיאָנטעק. אָבער אַ סיסטעם איז עס... אַלץ בעסער, ווי זיך, איידער שפּילן בלינד. מעגלעך, אַז ווען איר וועט שפּילן בלינד, סתם אין דער וועלט אַריין, וועט איר דווקא געווינען, נאָר דאָס וועט זיין קעגן סיסטעם. פּאַנימאַיעטע לי?... קומט, נאָמיר זיך אַוועקזעצן אָט דאָ, אויף דער קאַנאַפּע, און איך וועל אייך דערקלערן מיינע סיס־טעמען, וועט איר וויסן, ווי־אַזוי צו שפּילן. וואָרום שפּילן אָן סיס־טעמען איז גאָר קיין סיסטעם נישט.

מיר האָבן זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ זייטיקער קאַנאַפּע, און ער האָט גענומען אין מיר אַריינרעדן:

— וואָלן וויר זאָגן, צום ביישפּיל: עס איז דאָ אַ סיסטעם פון שפּילן גרויס און אַ סיסטעם פון שפּילן ק ל יי ן. איך האַלט נאָר פון שפּילן גרויס. איך, למשל, האָב געשפּילט גרויס, ביז איך בין רואינירט געוואָרן, האָב איך געשפּילט קליין, בין איך ווידער רואי־נירט געוואָרן. פאַרוואָס? ווייל עס איז אַ מזל־זאַך. אָבער זאָגסט איז דאָס סיסטעם אַ סיסטעם! און נאָך אַ סיסטעם, מיין פריינט.

איז פאַראַן: פּראָגרעס־סיסטעם. רולעטקע האָט ליב פּראָגרעס, פּראָגרעסירן. דאַפֿלען די סטאַווקע. וואָרום, אַז זיי וועלן נישט „פּאַרוואַרען" די סטאַווקע, וועלן זיי קיינמאָל נישט אַרויס מיטן קרן. מוזט איר זיך ראַטעווען, האַלטן אין איין שטעלן, ביז אין אַלף השישי אַריין, און דאַן — געווינט איר פּאַר איין מאָל אָפּ אייער גאַנצן פֿאַרלוסט מיט ריוח. פֿאַרליערט איר, איז טאַקע נישט גוט. און ס'איז טאַקע פּלאָכע... פּאָנימאַיעטע לי ווי?

ער האָט נערוועזיש אויסגעריבן זיין נאַסן שטערן מיט דער האַנט און ווייטער גערעדט:

— איז ווידער דאָ אַן אַנדער סיסטעם: גלייכגעוויכט. „ראַוונאָוועסיע". נישט ריזיקירן. שפּילן איינגעהאַלטן, אָסטאָראָזשנאָ. וואָלטן מיר זאָגן, איר שפּילט אויף גלייכע שאַנסן. „מאַנק" — „פּאַס", „רויט" — „שוואַרץ", „אָום" — „גראַד". דאַן האָט איר די זעלבע 50 פּראָצענט שאַנסן, „פּיפּטי — פּיפּטי"; דעמאָלט דאַרפט איר זיך האַלטן מיט דער באַנק און נישט גיין „קעגן באַנק". פֿאַלט אין באַנק, למשל, כסדר „רויט", באַדאַרפֿט איר נאָר שטעלן אויף „רויט". אי, וואָס — עס פֿאַלט אַרויס שוואַרץ און איר האָט פֿאַרשפּילט, איז קיינער נישט שולדיק. דערויף איז עס דאָך אַ שפּיל. איך, למשל, האָב אויף דעם סיסטעם פֿאַרשפּילט. אָבער טאַקע מיאוס פֿאַרשפּילט...

ער האָט ווידער גענומען רייבן דעם שטערן, ווי ער וואָלט וועלן אויפֿרודערן און אַרויסרופֿן פֿון דאָרט דעם גרויסן אויסוואַל סיסטעמען, וואָס ליגן דאָרט אויפֿן לאַגער, און האָט ווייטער געזאָגט:

— ווילט איר אָבער אַ סיסטעם „אַ נאַסטאַיאַשצי", אַ זיכערעס, אַן אויסגעפּרוּווטס, וואָס מען זאָל זיכער געווינען — איז דאָס בעסטע דאָס באַאָבאַכטונגס־סיסטעם. איר דאַרפֿט „איזוטשאַיען" דעם קרופּיע, ווי ער וואַרפֿט דאָס שטיינדל. איינער האָט אַ ווייטן קלאַפּ, קלאַפּט ער ביז צו די הויכע נומערן; אַ צווייטער האָט אַ מיטלסטן קלאַפּ, קלאַפּט ער, ווייסן זי, ביז צו די מיטלסטע נומערן, און אַ דריטער האָט אַ נאָענטן קלאַפּ, קלאַפּט ער ביז צו די פֿאָדערשטע נומערן, אי טאַק דאַלשע, אי טאַק דאַלשע... שטער

דירט איר אויס דעם קלאפ פון קרופיע, מוזט איר געווינען. דאס איז א גאלדן סיסטעם, א הונדערט־פראצענטיג זיכער סיסטעם. איך האב אפילו ביי דעם סיסטעם מיאוס אפגעשניטן, ארויס נקי, ווי די מאמע האט מיך געהאט... ווייסט איר פארוואס? ווייל צו־זאמען מיטן שטיינדל דרייען זיך די ציפערן. מילא, קאן אמאל אויס־קומען, אז א ווייטער קלאפ קאן אמאל טרעפן אויף א פארערשטן ציפער און פארקערט, און וויבאלד אז דאס שטיינדל דרייט זיך און די ציפערן דרייען זיך און דאס רעדל חרייט זיך, איז מען נישט זיכער מיטן לעבן און מען דארף האבן רחמים.

סיידן, זעט איר, מען זאל שפילן מיטן סיסטעם פון „אפנארן גאט". קענט איר דאס סיסטעם? עס איז, ווייסן זי, א וואונדערבאר סיסטעם. נעמלעך, איר האט אין זינען איין נומער און שטעלט זיך בהסח־הדעת, ווען עס דרייט זיך שוין, אויף אן אנדער נומער. איז דאך אבער גאט א צו־להכעיסניק, פאלט ארויס דוקא דער נומער, וואס איר האלט בכוונה — און דער נומער, אויף וועלכן איר האט געשטעלט, פאלט דוקא נישט ארויס. וואס־זשע טוט איר א צווייט מאל? האלט איר בכוונה יענעם נומער און שטעלט זיך בהסח־הדעת דוקא אויף דעם נומער. דא מוז שוין ארויספאלן אייער נומער. אי, עס פאלט נישט ארויס און איר פארשפילט — דאס איז שוין א גאט־זאך. און ווי זינגט מען אין טעאטער: „אקעגן גאט קאן מען קיין חכם נישט זיין!"...

ער האט ארויסגענומען א געלע פאטשיילע, אפגעווישט דעם שווייס, אויסגעשנייצט די נאז און ווייטער גערעדט:

— ווילט איר זיך אבער נישט פארלאזן אויפן מזל, נאר איר ווילט זיכער געווינען, דאן איז דא נאך א סיסטעם: דאס סיסטעם פון „וויסן ווען אוועקצוגיין פון טיש און אויפהערן שפילן". דאס איז זייער א וויכטיקע מעטאדע. און וועט איר זיך האלטן ביים דאזיקן סיסטעם, וועלן זי שטענדיק זיין א געוואונענער. ספראשי־וואיעטסיא: ווי ווייסט מען עס? דערויף איז פאראן דאס סיסטעם פון אינטואיציע. פון „ניוך". דער „ניוך" וועט אייך שוין ריכטיג אונטערזאגן, ווען איר זאלט שפילן און ווען איר זאלט אוועקגיין. מען דארף אבער נישט פארגעסן, אז עס זענען פאראן צוויי „ניוכן":

אַ „גיוד", וועלכן מען דאַרף פּאַלגן, און אַ „גיוד", וואָס מען דאַרף טאָן פּונקט פאַרקערט. ווי־זשע ווייסט מען, וועלכן „גיוד" צו פאָלגן און וועלכן נישט? דערויף איז פאַראַן אַ דריטער „גיוד". — — — —

זיין פּנים איז שוין נישט געווען געל, נאָר גרין, ווי שפּינאַט. ער האָט האַסטיק געריבן דעם נאַסן שטערן און פאַרענדיקט:

— אַנטשולדיקן זי, ביטע, עס האָט מיר, נישט פאַר אייך געדאַכט, אויפגעריסן דער קאָפּ... קאָנט איר מיר פּיליכט אויס־באָרגן אַ צוויי גילדן... איך דאַרף עס האָבן, פּאַנימאַיעטע לי ווי, אויף אַ סטאָוקע... ספּאַסיבאָ!.. דאַנקע!

* *
*

ווער איז ער, דער ייד?

מיינע באַקאַנטע האָבן מיר דערקלערט:

דאָס איז אַ רוסישער עמיגראַנט. אַ געוועזענער וואַלד־סוחר, און אַ גרויסער גביר. געקומען פון רוסלאַנד, האָט ער זיך באַזעצט אין דאַנציג. געקויפט צוויי הייזער און אַ ווילע אין צאָפּאָט. האָט אים פאַרטשעפּעט די רולעטקע, און דער מענטש האָט אָנגעהויבן שוין פאַלן ומטהדמטה... עס האָט אים אַריינגעשלעפּט ווי עפּעס אַ כישוף. ער האָט פאַרשפּילט דאָס פאַרמעגן, די הייזער, די ווילע און איז געוואָרן אַן אָרימאַן... איצט איז זיין באַשעפטיקונג: ער דרייט זיך אין קאַסינאָ ביי די רולעטקע־טישן צווישן די שפּילער און גיט עצות. טרעפט ער, שענקט אים דער געווינער אַ מטבע; און טרעפט ער נישט, איז נישט געפידלט... באָרגט ער סתם אַ פּאָר גילדן און פאַרשפּילט עס תיכף, ווי אַ שכור. מערסטנטיילס רעדט ער פון שפּיל־מעטאָדן און סיסטעמען. מענטשן רופן אים „די געלע געפאַר" און מען האָט מורא מיט אים זיך צו טרעפן, מחמת וועמען ער באַפאַלט, פאַרנודיעט ער מיט זיינע שפּיל־סיסטעמען...

אַ קרבן פון דער רולעטקע.

# קאָנפערענצן

קאָנפערענצן, קאָנפערענצן,
אין די אַלע שטעט און גרענצן,
קאָמפּעטענצן און אַגענצן —
קאָנפערענצן!

אין די צענטרומס, אויף די קרעסן,
גאַלע „זיאַזדן“ און קאָנגרעסן,
רק געישובט זיך, „געזעסן“ —
קאָנפערענצן!

וואו אַ גלעקל, דאָרטן קלינגט עס
וואו אַ ציינגל, דאָרטן זינגט עס,
וואו אַ געמזע, דאָרטן טרינקט עס —
קאָנפערענצן!

אין די שטעטלעך, אין די כרכים,
אַלע בראַנזשעס, אַלע פאַכן,
אַלע זאַכן, אַלע מאַכן —
קאָנפערענצן!

קינסטלער, קעלנער, פּאַציפיסטן,
בייזע שווינגערס, ציוניסטן,
פעסימיסטן, אַפעריסטן —
קאָנפערענצן!

שוסטער, מאלער, וואַיאזשאָרן,
דיפּלאָמאַטן, דיריזשאָרן,
טוקערינס און פּראָפעסאָרן —
קאָנפערענצן!

זאָקן־שטריקער, גאָסן־קערער,
באַנקע־שטעלער, פאָהר־שערער,
האָניג־קוועטשער, טענצל־לערער —
קאָנפערענצן!

דאַמען־שניידער און חזנים,
פאַבריקאַנטן און קבצנים,
וויצן־שרייבער און קבחנים —
קאָנפערענצן!

מעצענאַטן, אָרבעס־קלייבער,
דענקער און חתונת־רייבער,
פּליטהניקעס, בערן־טרייבער —
קאָנפערענצן!

אַלע קלאַסן און היעראַרכיעס,
שענע לייט און גרויסע פּאַרכעס,
יעדערער מיט זיין הצטרכות —
קאָנפערענצן!

דאָרטן זיצט מען, דאָרטן קלערט מען,
גרויסע „חכמות" דאָרטן הערט מען,
דאָרטן פּאַטשט מען, דאָרטן שטערט מען —
קאָנפערענצן!

מזרח, מערב, דרום, צפון,
פון דער וועלט צונויפגעלאָפן,
טוט מען גראַגערן און בלאָפן -
קאָנפערענצן!

האַלט מען מויל און אויער אָפֿן,
הערט מען זידלען, הערט מען שטראָפֿן,
הערט מען שנאָרכן, זעט מען שלאָפֿן —
קאָנפֿערענצן!

און מען שלעפּט זיך מיט די רענצלען,
און מען האַלט אין קאָנפֿערענצלען,
טוט מען צייט און געלט צוטרענצלען —
קאָנפֿערענצן!

קאָנפֿערענצן, פּערמאַנענצן,
קאָמפּעטענצן, אינטערווענצן,
דיפֿערענצן, דאָס־און־יענצן —
קאָנפֿערענצן!

# דער גראַפאָמאַן

צו מיין באַנק, וואו איך בין געזעסן אין דער אַלעיע פון קור־פּאַרק אין טשעכאָטשינעק, האָט זיך צוגעהאָפּקעט אַ לאַמער, דאַרער, בלאַסער יונגערמאַן, אויף צוויי קוליעס. אויף זיין האַרער ברוסט האָט זיך געבאָמבלט אַ גרויסער אויסגעבוגדענער שוואַרצער קראַוואַט, ווי אַ גרויסע פלעדערמויז. ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אויפן באַנק, אַוועקגעלעגט די קוליעס ביי דער זייט און שווער אָפּגעזיפצט:

— אָך, כאַ, כי...

— וואָס זיפצט איר, יונגערמאַן? — האָב איך געפרעגט.

— אַ, פון גליק זיפץ איך, פון גליק.

— פון גליק?

— יאָ, פון גליק... אָבער לאָמיר זיך פאָר אייך פאָרשטעלן... איך האָב דעם כבוד...

ער האָט אָפּגעווישט זיין דאַרע האַנט אָן די הויזן (משמעות, זי האָט געשוויצט), מיר זי דערלאַנגט און געזאָגט:

— מיכל יוסף וואַראָבייטשיק... שריפטשטעלער און רעקאַ־דענט.

— זייער אָנגענעם, — האָב איך געענטפערט. — אָבער וואָס פאַר אַ גליק האָט אייך געטראָפן, וואָס איר זיפצט אַזוי?

— מיין נאָמען איז געדרוקט... צום צווייטן מאָל איז מיין נאָמען געדרוקט אין אַ זשורנאַל...

ער האָט אַרויסגענומען די קור־ליסטע און צווישן די געדרוקטע נעמען פון אַלע קור־געסט האָט ער מיר געוויזן געדרוקט: מיכל

יוסף וואראביטשיק, שריפטשטעלער און דעקארענט. מעבלירטע צי־מערן „גאלדענער שנאבל".

— איז דאס א גליק? — האב איך אים אנגעקוקט פאר־וואונדערט.

— אפשר פאר אייך נישט, נאר פאר מיר, א שריפטשטעלער, א דעקארענט, איז עס א גליק. אפשר פעלט ביי אייך דער חוש צו וועלן זען אייער נאמען געדרוקט. ביי מיר אבער איז עס פארן. עס איז א מין זעקסטער חוש, אבער ער איז דא... א תאווה אזא.

עס איז א נארישקייט? אבער וועלכע תאווה איז א חכמה? און וואס איז קנאה און איפערזוכט? זענען עס קליגערע לייד־שאפטן?

פארפאלן, אזוי איז שוין די נאטור פון מענטש. יעדער האט זיך זיין ליידנשאפט, און איך בין געבענטשט אדער פארשאלטן מיט אט אזא ליידנשאפט: איך וויל זען מיין נאמען געדרוקט.

עס איז ביי מיר אזא הונגער, א פיזישער הונגער, א דראנג, א ברענענדער דורשט, און מיט טויזנט וואסערן וועט איר עס נישט פארלעשן.

איך בין שוין צוליב דעם אפילו א שרייבער געווארן.

איך האב געפרואווט שיקן מיינע ווערק אין די רעדאקציעס. נאכ־צע פעק האב איך זיי געשיקט: פראזע, פאעזיע, פאעזיע אין פראזע און פראזע אין פאעזיע, קארעספאנדענצן, „שטימען פון פאלק", „בריף אין רעדאקציע", וויצן, גראמען. קיין זאך האט מען נישט גע־וואלט דרוקן, ימח שמם!

איך האב געשיקט פראיעקטן און פלענער, ווי צו ראטעווען דאס יידישע פאלק, ווי צו לעזן די ארבעטער־פראגע, ווי צו באפעסטיקן דעם וועלט־שלום, ווי צו פארלעשן די וואולקאנישע בערג, ווי אויס־צומיידן ערד־ציטערנישן; וועגן הייראט און פאמיליען־גליק — מען האט נישט געוואלט דרוקן.

איך האב געפרואווט איבערשרייבן פרעמדע ווערק פון פרץ, שלום־עליכם, רייזן, געמיינט, מען וועט זיך נישט כאפן און איך וועל דורכשמוגלען מיין נאמען, — האט מען עס אויך נישט גע־דרוקט.

און ביי אונז אין שטעטל אין קאַרטוז (איך בין אַ קאַרטוזער, בין איך) לאַכן אַלע פון מיר מיט איראָניע און סאַרקאַזם:

— „מיכל יוסף, פאַרוואָס דרוקט מען נישט דיינע זאַכן?"

— „מיכל יוסף, היינט האָסטו שוין געקריגן צוריקגעשיקט דיין מאַנוסקריפּט?"

— „מיכל יוסף, היינט האָט מען דיר אַרויסגעשיקט דיין האָנאָראַר?"

דאָס לעבן איז מיר נמאס געוואָרן.

איך בין גרייט געווען צו באַגיין זעלבסטמאָרד, באַדאַי צו אונטערוואַרפן זיך אונטער אַ טראַמוויי, סמען זיך, אַבי אַלעמען אויף צופּיקעניש זאָל מיין נאָמען זיין געדרוקט אין די בלעטער. איך האָב געוואָלט וואַרפן אַ באָמבע און טאַקע אין ערגעץ אַ רעדאַקציע; איך האָב געוואָלט אַ קלויסטער אונטערצינדן, אַזוי ווי מיין קאָלעגע הערדאָסטאַט, וועלכער האָט אויך, מסתמא ווי איך, געהאַט די גרויסע מאַניע צו זען זיין נאָמען געדרוקט אין די ציַיטונגס־בלעטער.

איך וועל אייך זאָגן דעם אמת: טיילמאָל האָט זיך אין מיר דערוועקט אַ פאַרלאַנג צו דערשטיקן מיין אייגענע כלה (איך האָב אַ כלה, האָב איך), כדי מיין נאָמען זאָל דערזען די ליכטיגע וועלט... צי איך האָב ליב מיין כלה? געווים האָב איך זי ליב! ליבע איז טאַקע אַ שטאַרק געפיהל, „שטאַרקער ווי דער טויט איז די ליבע", אָבער נאָך שטאַרקער, ווי די ליבע, איז די ליבע צו זען דעם אייגענעם נאָמען געדרוקט.

איך האָב געלאָזט פיל מאָל דרוקן וויזיט־קאַרטן מיט מיין געדרוקטן נאָמען: מיכל יוסף וואָראַבייטשיק, שריפטשטעלער און דעקאַדענט; געטיילט דיראָזיקע וויזיט־קאַרטן אויף רעכטס און אויף לינקס; נאָכדעם האָב איך אַרויסגעלאָזט אַ צווייטע אויפלאַגע פון מיינע וויזיט־קאַרטן און ווידער געטיילט — און אַ דריטע, אַ פערטע... נאָכדעם האָב איך זיך געלאָזט מאַכן אַ גומי־שטעמפּל מיט מיין נאָמען און געלעגט חתימות אויף אַלץ, וואָס איז נאָר געקומען אונטערן האַנט — אויף די טישן, אויף די ווענט, אויף די ביכער. אָבער וואָס איז עס דען פאַר אַ באַפרידיגונג? דאָס באַוואוסטזיין, אַז יעדער קאָן דרוקן אַזעלכע קאַרטן און יעדער קאָן זיך באַ־

שטעלן אזא שטעמפּל, האָט מיר אפילו די אָרימע אילוזיע אויך צו־שטערט.

מיינע כתבים האָב איך פיל מאָל געגעבן איבערצושרייבן אויף העקטאָגראַפן, אויף שרייב־מאַשינען, געגעבן צו אַ סופר, ער זאָל זיי אויסדרוקן מיט געכתבטע אותיות. יאָ, עס איז געווען אַ שטיקל אילוזיע פון געדרוקטן וואָרט און פון געדרוקטן נאָמען. אָבער טאַקע נישט מער ווי אַן אילוזיע. די ווירקלעכקייט אָבער איז געווען קעגן מיר און האָט מיין ליידנשאַפט נישט געשטילט.

די מאַניע האָט מיך געפּייניקט, געפּלאָגט; איך האָב פאַר־לוירן דעם אַפּעטיט. דער שלאָף האָט זיך פון מיר אָפּגעטאָן; איך בין אויסגעגאַנגען, ווי אַ ליכט, ביז איך בין קראַנק געוואָרן.

אונזערע דאָקטוירים האָבן נישט געקאָנט פאַרשטיין מיין קרענק. און פונוואַנען זאָלן זיי פאַרשטיין אַזאַ קרענק? אַז אין די מעדי־צינישע ביכער איז ביי זיי מסתמא אַזאַ קרענק נישט פאַראַן.

האָבן זיי מיר, די דאָקטוירים, געהייסן פאָרן קיין וואַרשע צו אַ פּראָפעסאָר.

בין איך, פאַרשטייט זיך, געפאָרן קיין וואַרשע. נאַטירלעך, נישט צו קיין פּראָפעסאָר. — וואָרום וואָס קאָן מיר אַ פּראָפעסאָר העלפן? — נאָר איך בין געפאָרן צו די רעדאַקטאָרן און צו די פאַר־לעגער, אַ פאַהיבעל אויף זיי!... זיי קאָנען מיר העלפן; זיי קאָנען מיך געזונט־מאַכן...

נאָר די גזלנים האָבן נישט געוואָלט מיך דרוקן. וואָס זאָגן זיי: איך זאָל צוערשט ווערן באַרימט, דערנאָך וועלן זיי מיך דרוקן. טענה איך: אַז איר וועט מיך דרוקן, וועל איך ווערן באַרימט.

האָבן מיר זיך אָט אַזוי געדונגען, ווי יענער מלמד מיט זיין קו. דער מלמד האָט געטענהט: גיב מילך, וועל איך דיר געבן היי — און די קו האָט געטענהט: גיב היי, וועל איך דיר געבן מילך.

האָבן זיי זיך אַזוי לאַנג געדונגען, ביז די קו האָט אויסגעצויגן די פיס און איז אַוועקגעפּגרט, און עס איז געוואָרן אויס קו און אויס מילך.

איך האָב מורא, אַז מיט מיר וועט געשען דערזעלבער גורל. דאָס יידישע פאָלק וועט פאַרליִרן אין דעם דיכטער, אין זיינע ווערק.

ביי איך אזוי איבער די ווארשעווער גאסן אנטמוישט, פאר־ביטערט און פארטראכט אין דיראזיקע מחשבות... ערשט פלו־צלונג — — —

— — — — — — — — —

און דא גיבן מיר א שפרונג־איבער, כדי מיין דערציילונג זאל טראגן די שענע ליטעראַרישע פאָרם און מאכן דעם גערעדיקן עפעקט:

אז איך האָב זיך אויפגעכאפט אין בעט אין א ווייסן צימער, איז געבן מיר געזעסן א קראנקען־שוועסטער און האט געזאגט:

„ווען מען האָט אייך ארויסגעשלעפט פון אונטערן אויטאָמאָ־ביל, איז ביי אייך געווען צובראכן צוויי זשעבערעס און א פוס... אבער עס איז שוין אוים סכנה. איר וועט בלייבן לעבן. אלע צייטונגען האָבן וועגן דעם געשריבן. איר זעט?"

זי האט מיר דערלאנגט א צייטונג און עס האט מיר געגעבן א זעץ אין קאָפ אריין פון שמחה. אין צייטונג איז געשטאנען:

## אויטאָ־וואקכאנאַליע

„נעכטן איז אן אויטאָמאָביל ארויפגעפארן אויף א פראָווינצער־יונגנמאן, וואס איז געקומען פון קאַהטוז־בעריאַזע. לויט דער וויזיט־קארטע, וואס מען האט ביי אים געפונען, הייסט ער מיכל יוסף וואַראַבייטשיק, א שריפטשטעלער דעקאַדענט, וואס איז, ווארשיינ־לעך געקומען אהער צוליב ליטעראַרישע ענינים. אין א באוואוסט־לאזן צושטאנד האט מען אים אפגעפירט אין שטאַטישן שפיטאָל".

מיינע אויגן האבן אויפגעלויכטן. איך האב געוואָלט אַראָפּ־שפרינגען פון בעט און כאפן די קראנקען־שוועסטער טאנצן. נאר דער ווייטאג אין די אברים און די פארגיפסעוועטע פוס האבן מיך צוריקגעהאלטן און כ׳בין געבליבן ליגן פארגאפט פון יסורים און — גליק.

— מיין נאָמען איז געדרוקט! ענדלעך!

איך האָב געבעטן די קראנקען־שוועסטער און פאר די לעצטע געלט האט זי מיר אויסגעקויפט הונדערט שטיק פון אלע צייטונגען. איך האב זיי אריינגענומען צו מיר אין בעט, געלייענט און פון גרויס

פריער בין איך איינגיכן געקומען צו מיין געזונט און ארויס פון שפי־טאָל געזונט און פריש אויף — קוליעס.

אט אזוי בין איך באגליקט געוואָרן. אפשר ווילט איר עט־לעכע פון די נאָזעטן, וואו מיין נאָמען איז געדרוקט?... איך קאָן אייך געבן עטלעכע נומערן.. איר קאָנט עס טיילן צווישן אייערע באַקאַנטע... נו, זייט מיר געזונט!...

*

דער יונגערמאן איז אויפגעשטאנען, אונטערגעשפּארט זיין צו־בראָכענעם קערפּער מיט די צוויי קוליעס, און אוועקגעהאָפּקעט מיט א פרייליך, גליקלעך בענגעל.

# דער צייטונגס־פאַרקויפער

## (אַ קאָמיש בילדל)

איר קענט דאָס שטעטעלע וועמפּעלריזש? דאָס איז אַ קאָר־אָרט, אַ קליינער קור־אָרט אין גאַליציע, אויף וועלכן מען זאָגט: ער האָט 60 פּראָצענט יידן; דאָס איבעריקע — יידענעס.

אָבער אַלץ, וואָס מען דאַרף, איז דאָ פאַראַן: פּענסיאָנאַטן, אַ טייך, אַ באָד־אַנשטאַלט, שולעכל, להבדיל אַ קלויסטער, אַ וואַלד און אויך אַ שפּאַציר־געסל, אַ פּראָמענאַדע פאַר קור־געסט.

אויף דעמדאָזיקן פּראָמענאַדע־געסל געפינען זיך די געשעפטן, שטענדיקע, ווי אויך צוגערייזטע, ספּעציעל אויפן זומער־סעזאָן.

צווישן אַלע געשעפטן געפינט זיך אויך אַ צייטונגס־קרעמל מיט אַ ליי־ביבליאָטעק צוזאַמען.

אינווייניק אין דעם צייטונגס־געוועלבל שטייט דער צייטונגס־פאַרקויפער, בענטשע דרייער, אַ ייד מיט אַ שוואַרץ־אָפּגעסמאַליעט בערדל און נאַקעטן קאָפּ, פלינקע אייגלעך. ער שטייט אָנגעשפּאַרט מיט די הענט אויף דעם טיש מיט צייטונגען, ווי איינער, וואָס קלייבט זיך האַלטן אַ שאַרפע רעדע, און וואַרט אויף קונדן.

צווישן די אַלע צייטונגען זעען זיך אַרויס אַממייסטן „דער בעכטינגער טאָג", דער „ספּאָדיק", „די כאַליעווע", „דער ענבער", „נאָש דזוואָנעק" און אַנד.

— קאָן מען דאָ באַקומען ביכער צו לעזן? — האָב איך געפרעגט, אַריינקומענדיק אין קרעמל.

— אָך, ווי דען! געוויס. אָט דאָ, זייט מוחל, גייט־צו צו די

פאליצעס. דאַ האָט איר, קיין עין־הרע, אַן אויסוואַל פון ביכער, אינטערנאַציאָנאַל, זאָג איך אייך, פון פויגל־מילך! נאַטור־וויסנשאַפט, העכסט־אינטערעסאַנטע ראָמאַנען, קאָסמאָליטיזם און אַנדערע קריטיקעם און דיאַגנאָזן.

איך בין צוגעגאַנגען צו דער הינטערשטער וואַנט מיט אירע צוויי פאָליצעס ביכלעך און האָב גענומען נישטערן.

דורך דער זומערדיק־אָפענער גאַס־טיר איז אַריינגעקומען אַ פאַרשוין, אַ דיקלעכער ייד, אין אַן אָלפּאַגענער מאַרינאַרקע, אַ קיילעכדיק קאַפּעליושל, אַן אויסגעצוואָגן־פּיערקאַנטיג בערדל, גלייכע קיילעכדיקע פּיס, מיט אַ היפּשן שירעם אונטער פּאַכווע. ער האָט אַרויפגעזעצט אַ פּאָר ברילן אויפן שפּיץ נאָז, באַטראַכט דעם טיש מיט די צייטונגען און געזאָגט:

— אַ „נעכטיקן טאָג“.

— אַ „נעכטיקן טאָג“, — האָט דער צייטונגס־פאַרקויפער זיך צעוויגט פאַר שמחה. — אָט האָט איר עס... דערהער איך, אַז עמיצער בעט אַ „נעכטיקן טאָג“, ווער איך מלא־שמחה, וואָרום איך ווייס, אַז איך האָב צו טון מיט אַ מענטש, וואָס האָט אַ שטאַנדפּונקט מיט אַ דיאַגנאָז. איר זענט אַ ציוניסט?

— יאָ, איך בין אַ ציוני.

— איך בין אויך אַ ציוני, אַ פאַרברענטער ציוניסט, אַ „ציוני בלהב“, וואָס מען רופט. און דערפאַר לייען איך נאָר דעם „נעכטיקן טאָג“. וואָרום דאָס, פאַרשטייען זי מיך, איז אַ ריכטיקע בלאַטצייטונג מיט אַ שטעלונג און מיט אַ דיאַגנאָז!... עס איז דאָך נישט דער „ספאַדיק“, וואָס איז אַבסטינענט, „אי נאָם אי וואָס“... נעמט די אַרטיקלען פון „נעכטיקן טאָג“ — יעדעס אַרטיקל איז אַ באָמבע! היינט דער גרינבוים! — ס'איז שוין איינמאָל אַ פּאַטריאָט. זיין שטאַנדפּונקט מיט זיין דיאַגנאָז! דאָס איך נישט ה"ר רייך פון „ספאַדיק“... בכלל האַלט איך נישט פון „ספאַדיק“, פון דער „כאַליעווע“, זאָלט איר מיר אַנטשולדיקן, מיט איר4מוץ און פּאַסקודסטווע... מען קאָן דאָך עס אין האַנט נישט נעמען!... און פון אַסימילאַטאָרישן „נאַש דזוואָנעק“.. זאָל איך עס אייך אייטוויקלען? אָדער איר וועט עס אַזוי נעמען? אַדיע! להתראות בארץ־ישראל!

דער ייִד גייט אַרויס.

באַלד קומט אַריין אַ פרישער פּאַרשוין, אַ לאַנגער דאַרער ייִד אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע מיט אַ בכבודיקן שפּאַלט פון הינטן, מיט אַ חסידיש קליין היטעל אויפן קאָפּ. אַ לאַנגע שמאָלע באָרד.

— דעם „ספּאָדיק״!

— דעם „ספּאָדיק״? שוין, די חנע, איר קריגט, — צעטענצלט זיך דער צייטונגס־פאַרקויפער און רייבט פון שמחה די הענט. — איר לייענט, הייסט עס, דעם „ספּאָדיק״?

— יאָ, איך בין אַ „ספּאָדיק״־לעזער, — זאָגט דער קונד מיט אַ שטים, וואָס איז אויך, דאַכט זיך, אינעווייניק פאַרוואַקסן, ווי זיין פּנים.

— האָט איר דאָך מיין געשמאַק, מיט מיין פּאָליטישער ליניע, מיט מיין דיאַגנאָז. איך בין אויך אַ לעזער פון „ספּאָדיק״ און אַ שטאַרקער לעזער; מחמת איך אַליין בין אַ פאַרברענטער „אומפּאַרטייאישער מענטש״. די אמתע שרייבער האָט דער „ספּאָ־דיק״. יעדער זאָגט זיך דאָרט אַרויס זיין שטאַנדפּונקט און זיין דיאַ־גנאָז. ווילסטו, האָסטו דאָרט אַזאַ דיאַגנאָז; ווילסטו — אַן אַנדערן דיאַגנאָז. פרייע ליבע! און די אמתע ידיעות האָט אויך דער „ספּאָ־דיק״. מעג איך, למשל, איבערלייענען אַלע צייטונגען, נאָר איך האָב נאָך נישט געלייענט דעם „ספּאָדיק״, בין איך עפּעס נישט־דאָסיג. עפּעס בין איך נישט זאַט... אַ ווערטעלע צו זאָגן, דעם „ספּאָדיקס״ שרייבער! זיי צעקייען דאָך אייך יעדעס וואָרט און לעגן אייך אַריין אין מויל. ס'איז נישט דער פּאַרטייאישער „נעכ־טיקער טאָג״ מיט זיין ציוניסטיש קרעמעלע, מיט זיין הילצערנער עברי, אָדער דער לאַבוזעוואַטער „עגבער״, און נישט דער מאַשעק, דער „נאַש דזוואָנעק״, וואָס זייט אַסימילאַציע; אָדער „די כאַליעווע״ מיט איר ניבול־פּה, מיט איר „מאַניקיוזשיסטקע״. פע!... זאָל איך עס אייך איינוויקלען, אָדער איר וועט עס נעמען אַזוי? נו, האָט מיר אַ גוטן און גייט געזונטערהייט. און זאָל זיין אחדות ביי ייִדן, אמן סלה!

עס קומט אַריין אַ יונגערמאַן אָן אַ היטל, אין ווייסע הויזן, מיט אַ לאַנגער נאָז.

— אַ! דזיען דאָברי, פּאַניע שמענדריקאָן! — כאַפּט־זיך־אָן אונזער צייטונגס־פּאַרקויפער און לויפט אים אַנטקעגן. — „נאַש דזוואָנעק"? אָוושעם. פּאַן יעסט יעדיני קולטוראַלני טשלאָוויעק ז' דיאַגנאָזעם! פּאַן ניע טשיטאַ אָד זשאַרגאָנו? יאַ טיזש! פּאַן ניע לוביע שמאָנצעסוּאָוו? יאַ טיזש... פּראָשען פּאַנאַ, טען „נאַש דזוואָנעק" ניע יעסט דליאַ קאַפּאָטיאַזשעי, אַ דליאַ פּאָסטעמפּיע. טאָ דאַיע, פּראָשען פּאַנאַ, שוויאַטלאָ, אַי ציוויליזאַציע, אַי נאַציאָנאַליזמוּס טיזש. פּאַן כצע וויעדיטש, קעדי בענדזשע „שעדעמנאַסטיע אוּב טאַמוּז"? טו יעסט; קעדי מאַמי „אָדנאָוויט קזשעניזיצאַ"? טו יעסט. טו פּישאָן ז'„ראַבינאַטאַ". טאַקי קאָוואַלקי פּיערשאַ קלאַסאַ!... פּראָשען פּאַנאַ, טען „נאַש דזוואָנעק" יעסט וויעלקי פּאַטריאָטאַ; אַי באַרדזאָ וויקסשטאַלצאָני אָרגאַן. טאָ ניע יעסט „ווטשעראַישי דזיען" אַי „ספּאָדיק"... טפו! זאַפּאַקאָוואַט, פּאַניע, צי פּאַן שעבי טאַק וועזשמיע?.. דאָווידזעניאַ! מאָיע אוּשאַנאָוואַניע!

דער יונגערמאַן איז אַרויס, און עס קומט אַריין אַ פרישער פּאַרשוין מיט אַ בייזערדיק, שלעכט־ראַזירט פּנים; אַ וועלאָסיפּעדהיטל אויפן קאָפּ. בלוי־אָדערדיקע, האַרטע הענט, מיט אַ סענקאָוואַטן שטעקל און אַן אָפּגעטראָגענער בעל־מלאכהשער מאַרינאַרקע. ער פרעגט:

— צי האָט איר אַן „עגבער"?

— אַן „עגבער"! — האָט דער צייטונגס־פּאַרקויפער איבערגעחזרט, ווי מיט אַ פּאַראַבל. — אַ שיינע שאלה, איך מוז אייך זאָגן, פּאַני חבר... איר זענט דאָך מסתמא אַ בונדאָוועץ, אַ יאָ?

— יאָ.

— בין איך טאַקע אויך אַ פּאַרברענטער בונדאָוועץ, — זאָגט דער צייטונגס־פּאַרקויפער, — און רוקט אַריין אַ יד! אָט אַזוי... חבריש, יאָ.. אַז דאָס איינציקע שטיקל נחמה איז דאָס, וואָס איך האַלט דעם „עגבער", די איינציקע ערלעכע, נישט־פּאַרקויפטע אַרבעטער־צייטונג מיט דעם פּראָלעטאַרישן דיאַגנאָז. וואָרום די גאַנצע פּרעסע איז דאָך ביי אונז אַ פּאַרקויפטע. ווער איר דאָך פרעגן ווי קומט צו מיר דיראָזיקע בירגערלעכע פּרעסע? דער בלוי־שוואַרצער

„נעבעכטיקער טאָג“ מיט זיין ציוניסטיש קרעמל, און אָט דער געלער „ספּאַדיק“ מיט זיינע שונדראָמאַנען און אָט דאָס גאַסן־בלעטל מיט דעם אסימילאַטאָרישן „נאַש דזוואָנעק“ מיט דער גאַסן־סמאַטע „די כאַליעוווע“ מיט איר „מאַניקוזשיסטקע“? איז, וואָס זאָל מען טון, חבר? די ביטערע פּרנסה... מיר וועלן זיי אָבער באַקעמפן! נאַ־פליעוואַט! מיר פאַראַרפּן נור היטן אונזער דיאַגנאָז: „קויפן, לעזן און פאַרשפּרייטן דעם „עגבער“ — און ווייטער גאַרנישט!... זאָל איך אייך אים איינלעגן? אָדער איר וועט עס נעמען אַזוי? אַדיע, חבר. מיין סאָציאַליסטישן גרוס! אַדיע, עס לעבע!

דער פּאַרשוין גייט אַרויס, און עס קומט אַריין אַ נייער פּאַר־שוין, אַ פּיער־קאַנטיק האַרט גופל אויף אַ שטייפן קורצן האַלז, דאָס פּנים מיט קלייען; אַ פּלאַטשיק־געוועגטענער קאַשקעט אַרויפ־געהוקט אויפן פּאַטילניצע; רויטע הענט, אַ רויטע נאָז, בראָבע, קורצע, עטוואָס אויסגעהרייטע, פּיס מיט די שפּיצן פינגער אינע־ווייניק. ער גיט אַ שטעק די האַנט אין דער הויזן־קעשענע, גיט זיך אַ שטעל אוועק באַקום און טוט אַ פרעג:

— האָט עטץ „די כאַליעוווע“?

— העע, הע, הע! „די כאַליעוווע“? נאָך ווי! טאָמער איז פאַראַן אַ ריכטיקע בלאַט־צייטונג מיט דער ריכטיקער סענסאַציע און דיאַ־גנאָז — זאָל איך עס נישט האָבן? עס איז שוין איינמאָל אַ „קוריער“. ווי זאָגט עטץ?

— זאָל יאָך שוין האָבן אַזאַ יאָער! — זאָגט דער קונה.

— אַ קוריער דאַרף האָבן גוטע שטיקלעך און ווייטער גאַרניש. — רעדט ווייטער דער צייטונגס־פאַרקויפער. — צו וואָס טויגן מיר די אַלע יאַלדישע בלעטער, דער „נעבעכטיקער טאָג“, מיט דעם „ספּאַדיק“, מיט דעם יענטעליגענטישן „נאַש דזוואָ־נעק“ — אַ פּייער זוכט זיי! די גיב מיר דעם ריכטיקן דיאַגנאָז, קורץ און שאַרף, און דריי מיר נישט קיין ספּאַדיק! און דאָס אמתע שטיקעלע נייעס געפינט מען טאַקע דאָ, ביי אונז, אין „די כאַ־ליעוווע“! ווי זאָגט עטץ, ר' פעטער? די „מאַניקוזשיסטקע“, הא? איר ווייסט, ווער עס שרייבט עס?

— עס מוז שוין זיין איינמאָל אַ יאַט, אַ שרייבער!... אַ פייער זוכט אים!...

— און די מעשה מיט „רוזשקע די געלע"? הע, הע, הע! אַ פּעט שטיקעלע.

דער קונה באַצאָלט, כאַפּט אַ „כאַליעווע" און פאַרשווינדט.

די באַוועגונג אויף דער גאַס וואַקסט. די שפּאַציר־שעה דערגרייכט איר העכסטן פּונקט. דאָס צייטונגס־געוועלבל ווערט אָנגעפילט מיט פאַרשידענע קונדן. און אַט שטייען שוין ביים טיש אַ דריי פּערזאָנען. מען פאָדערט: ווער — אַ „נעכטיקן טאָג", ווער — אַ „ספּאַדיק", ווער — אַ „נאַש דזוואָנעק", ווער — אַן „עגבער", ווער — אַ „כאַליעווע". דער צייטונגס־פאַרקויפער וואַרפט זיך אין אַלע זייטן, ווי אין אַן עפּילעפּטישע קרענק, צו דעם, צו יענעם, און רעדט אָן אויפהער, שנעל, געדיכט. די צונג גייט, ווי אויף רעדלעך:

— „ספּאַדיק"? זייער גוט. די בעסטע צייטונג... נישט קיין פּאַרטיי־קרעמעלע... איר לייענט אויך דעם ראָמאַן פון די דריי שטערנדלעך? איך אויך... ווי געפעלט אייך? מאַקס איז דאָך אַ פּשוטער פרויען־הענדלער. הע! דאָס האָט ער פאַרפירט רעגינען. וואַ, וואַ!... איך אויך. אַדיע... גייט געזונטערהייט... אַ, חבר! כ'האָבּ די ערע!... איך מיט אייך לייענען נור דעם „עגבער". איך בין אַ פּראָלעטאַריאַט. איר האַלט נישט פון פּאַרטיי־קרעמלעך און שונדראָמאַנען? — איך אויך. ווי? און אייך, פּעטער, וואָס געבן? אַ „כאַליעווע"? עהע! איר ווילט אודאי וויסן, וואָס הערט זיך מיט דעם ווייבעלע... ניין? איר ווילט גאָר אַ „נעכטיקן טאָג"? פּשעפּראַשאַם! שאַלאָם! איר זענט אַ מענש מיט אַ שטאַנדפּונקט און אַ דיאַגנאָז. — איך אויך... איך בין דער גרעסטער סימפּאַטיקער פון ציוניזם. וואָס, איר לייענט נישט די לאָבוזעס פון „עגבער"? מיין טענה... להתראות! איין מינוטקעלע, יונגערמאַן. איר באַקומט אייער „כאַליעווע". ווי לאַנג רעכנען זיי, אַלע צייטונגען, ביז זיי וועלן אָבטאָקן אַזאַ שטיקל נייעס! לייענט, אויף טשיקאַוועס, אַט דאָס שטיקעלע. „דאָס ווייבעלע פון האָנסינג" און „אַט וועט מען אים פּיצקען". הע, הע, הע!... אַ, אַ! קאָמו יאַ ווידזע? מאַיע אושאַנאָוואַניע! „נאַש דזוואָנעק"? האַלאָ! דאָבּושע.

זו'טעי כווילי... טו פאן מא קולטור, אי ציוויליזאציע, אי דיאגנאז. ביע פראוודא? דאווידזועניא!... וואס? א „ספאדעק"? בלויז דעם דאמאן איבערלייענען? 30 גראשן. איז היינט א קאפיטל, די פינ־גער צו לעקן!... ווי געפעלט איך? רעגינע לאזט זיך נאך אלץ נישט שענדן... מאקס שמייסט זי, און זי לאזט זיך נישט... איך אויך... שאלאם! זאשטשיט! מאיע אושאנאוואניע!...

זיין פנים איז געווען רויט; דער פליך — נאס פון שווייס: דער האלז האט שוין געטריקנט, און איך האב געטראכט:

ציישונגס־פארקויפעריי איז אויך נישט קיין לייכטע פרנסה.

# א מיטל קעגן אַלע קרענק

(ס ק ע ט ש)

---

אפטייקער פיגולקע-מאכער — א פיערקאנטיק מענשל, א שיינענד-ליכטיק פנימל פון א פאנאפטיקום. א קליין בלאנד-בערדל, ווי א ווידל פון א הערינג. ביטרע אויגעלעך, רויטע פערקאטערטע נאז, ווי א פאמידאר. טראגט א ווייס כאלאטל. אויפן קאפ א רונדער פליך, ארומגעזוימט מיט געקרייזלטע הערלעך.

רעגינא — זיין ווייב — העלפט אים אין דער ארבעט.

דאקטאר קאנעגיסער — א פליבעוואַ־טער, בייכלדיקער, מיט צוויי האלבע בערדלעך, טראגט א פוטער מיט א קליינעם רענצל.

אדוואקאט פיסקמלאכהמאן — א רירעוודיקער פארשוין. א לענגלעך פנים מיט א שמאַ־לער טרוקענער נאז און נאז-לעכער. א קמץ-בערדל. אין קורצן מאנטל. פון אונטערן מאנטל זעט זיך א פראק. אין האנט א טעקע. אויפן קאפ א הויכע שעוועלורע.

רעדאקטאר טינטעלטינטלער — א לאנגער, א דארער, לאנגע פיס מיט א טשופרינע אויפן קאפ. פענסנע-גלעזער אויף א לאנגער נאז. אן אפגע־טראגענער „בערבער"-מאנטל. פולע קעשענעס מיט ציי־

טוגנגען, אונטער דער פּאַכוועס ציימונגען און אין האַנט ציימונגען. רירעוודיק. כאַפּט זיך אַלע ווײַלע פאַר די ברילן. אינגאַנצן אָן האָר.

אין אַפּטייק־קראָם דער אַפּטייקער שטייט בײַם קאַנטאַ־טיש און צוגיסט עפּעס אין פלעשעלעך. מישט, שטויסט, זייט, קאָרקעוועט, קלעפּט עטיקעטן, וויקלט, פּאַקט. רעגינאַ דינט אים צו דער האַנט. אויפן וואַנט א פּלאַקאַט: „קוקעריקאָן".

**אַ פּ ט ײ ק ע ר:** נו, און איצט, רעגינאַ, דערלאַנג מיר אַביסל „אַקוואַרע־פּאָמפּע".

**ר ע ג י נ אַ:** וואָס הייסט דאָס?

**אַ פּ ט ײ ק ע ר:** ס'הייסט, פּשוט וואַסער פון וואַראַטשאָנג.

**ר ע ג י נ אַ:** גוט.

**אַ פּ ט ײ ק ע ר:** און איצט „קיבעביקום לאַקריצים".

**ר ע ג י נ אַ:** וואָס הייסט דאָס?

**אַ פּ ט ײ ק ע ר:** ווייסט נאָך אַלץ נישט? אַזוי לאַנג ווי דו אַרבעטסט אין פאַרמאַקאָלאָגיע? אַביסל זאַלץ הייסט עס. און איצט צוויי גראַם „קאַלכטשעמערפּעריקום".

**ר ע ג י נ אַ:** וואָס איז עס?

**אַ פּ ט ײ ק ע ר:** אַביסל קאַלך... נו, אויסגעצייכנט. איך מיין, אַז מיט מיין נייער ערפינדונג „קוקעריקאָן" וועלן מיר איינעמען אַ וועלט... מען דאַרף נאָר בעטן גאָט אויף אַ שלעכט וועטער, מענטשן זאָלן זיך פאַרקילן און עס זאָל ווערן אַ גריפּע־עפּידעמיע און אינפלוענציע, אַ כאָלערע...

**ר ע ג י נ אַ:** געלויבט צו גאָט, אַ הינטיש וועטער! אַלע זענען פאַרקאַטערט. וואו אַ נאָז — דאָרט אַ קאַטאַר; דאָס וועטער זאָל נאָר אַזוי אָנהאַלטן...

**אַ פּ ט ײ ק ע ר:** ווער דאַרף דען קאַטאַר! אַבי עס זאָל נאָר זיין קרענק. מיין מיטל איז גוט צו אַלע קרענק און חולאתן... (ניסט). דערווייל האָב איך גאָר אַליין דעם בעסטן קאַטאַר. שוין צוויי טעג, אַז ער מאַטערט מיך. מפּוי, צום טיוול! — אַפּטשי!...

**ר ע ג י נ אַ:** אַ מצוה אויף דיר. האָסטו נישט געזאָלט שמעקן

פון דאזיקן מיטל דיינעם; א געזונטער קאן 'דערפון קריגן א קאטאר.

אפטייקער: א פאסקודנער קאטאר! גיב א נאז־טיכל.

רעגינא: וואו זאל איך דיר נעמען נאז־טיכלעך? אלע צי־מערן זענען דאך פול מיט 'דיינע נאסע נאז־טיכלעך...

אפטייקער: גיב מיר א האנט־טוך. א לייַלעך; גיב מיר, וואס דו ווילסט, — אפטשי...

(עס 'לויפט אריין א פערסאפעטער דאקטאר מיט א רענצל).

דאקטאר: אפ־טשי!... גוט־מארגן. א שיינע געשיכטע: ביי הייל יענעם, און אליין גיסט דיר פון דער נאז, ווי פון א רינע. אפטשי... דער פאציענט קאן צו דיר האבן דעם אמתן צוטרוי, אז ער זעט, ווי דו אליין קאנסט אפילו דיין אייגענעם קאטאר נישט אויסהיילן. אפשר האט איר, פאניע אפטייקער, פארט עפעס א מיטל צום קאטאר?

אפטייקער: עך, פאניע דאקטאזשע! מיר ווייסן דאך, אז עס איז קיין דופק נישטא. אז אי איך, דער אפטייקער, און אי איר, דער דאקטאר, קאנען דעם קראנקען נור העלפן קרעכצן...

דאקטאר (באמערקט 'אויף דער וואנט דעם פלאקאט מיט דער אויפשריפט „קוקעריקאן”): „קוקעריקאן”! וואס איז דאס?

אפטייקער: דאס איז מיינס אן ערפינדונג טאקע געגן נאז־קאטאר. העה־הע...

דאקטאר: העלפט עס טאקע?

אפטייקער: ווייס איך? כע־כע! איר 'ווייסט דאך, 'ווי מען זאגט א ווערטל: אן א מיטל געדויערט א קאטאר דריי וואכן, און מיט א מיטל געדויערט ער 21 טעג... מיר וועט עס אפשר יא העלפן... און אויב איר ווילט, פאניע דאקטאזשע.. קאן עס אייך אויך העלפן...

דאקטאר: כחומה נאפשיקלאר?

אפטייקער: פשוט, אויב איר וואלט נור 'געוואלט, קאנען מיר ביידע געהאלפן ווערן... ווי זאגט מען ביי אונז א ווערטל: „לעבן און שטערבען לאסען”... זאל אונז אזוי גאט צושיקן ביידע די 'גוטע קרענק, ווי מיר קאנען געהאלפן ווערן.

דאקטאר: אהא... איז וואס באדארף איך טון?

אפטייקער: איר באַדאַרפט טון דאָס, וואָס איך טו פאַר אייך. איך רעקאָמענדיר אייך פּאַציענטען, באַדאַרפט איר אייערע פּאַציענטן רעקאָמענדירן מיין מיטל.

דאָקטאָר: אהאַ! — נו, און... במה? (ווייזט, ווי מען ציילט געלט).

אפטייקער: וויפיל ווילט איר? א הונדערטער איז גענוג?

דאָקטאָר: אביסל ווייניגלעך. נו, מילא... מ'וועט שוין... ווי־זשע הייסט דאָס מיטל?

אפטייקער: „קו־קע־רי־קאָן".

דאָקטאָר: איז וואָס באַדאַרף איך טון?

אפטייקער: קודם־כל באַדאַרפט איר מיר אָנשרייבן א באַשטעטיקונגס־בריוו, אַז איר אָנערקענט מיין מיטל. אָט נאָט אייך א טינט־און־פעדער און גייט אַהין צו יענעם טישל און שרייבט מיר אָן דעמדאָזיקן דאָקומענט.

דאָקטאָר: איז וואָס זאָל איך שרייבן?

אפטייקער: איך האָב אייך לערנען, וואָס צו שרייבן? שרייבט: „איך, דאָקטאָר קאָנעגיסער, האָב צוואַנציג יאָר געפּרוּווט דעם מיטל „קאָטאָהאָטיקאָן", וואָס איז נאָר־וואָס ערפונדן געוואָרן דורך דעם מאַגיסטער־פאַרמאַציע פיגולקע־מאַכער און דערהגרייכט די גלענצנדסטע רעזולטאַטן אויף דעם געביט פון אַלע קרענק, ווי, למשל, סקלעראָז, היפּנאָז, דיאַגנאָז, אַפּלאָז, סאַכאַרמיני מאַראָז... און שרייבט־אונטער אייער נאָמען. ווען איר וועט מיר פאַרטיג־מאַכן דעם דאָקומענט, באַקומט איר דעם שיינעם האָנאָראַרוון האָנאָראַר... באַר געדענקט — קיינער זאָל נישט וויסן, אַז איר קריגט פון מיר פּראָצענטער מיט געצאָלט... שאַ...

דאָקטאָר: נו, געוויס. חס וחלילה!... אַפּטשי!

אפטייקער: צו געזונט! — אַפּטשי!...

דאָקטאָר: צו לעבן! אַפּטשי!

אפטייקער: צו לאַנגע יאָר. און זאָל זיין מיט מזל.

(דער דאָקטאָר גייט אַוועק צו א זייטיקן טישל

און זעצט זיך שרייבן. עס לויפט אַריין דער אַדוואָקאַט).

אַדוואָקאַט: צו אַלדי שוואַרץ־יאָר, גוט־מאָרגן! איך דאַרף

לויפן איבער די געריכטן, פּראָצעסן, דעפּאַרטאַמענטן, און דאָ האָסטו אין מיטן־דרינען הינער־אויגן! גיי, זיי אַן אַדוואָקאַט, האַלט אַ רעדע מיט הינער־אויגן! מאַך אַן איינדרוק אויף די ריכטער און די געשוואוירענע און אויפן פּראָקוראָר, מיט הינער־אויגן — טפו!..

אפשר האָט איר עפּעס אַ שטיקל מיטל קעגן הינער־אויגן, פאַניע פּיגולקעמאַכער? אַ פּראָשעק, אַ שמירעכץ? דער רוח ווייסט, וואָס!...

אַפּטייקער: פּאַראַן, פּאַניע מעצענאַזשע פּיסקמלאַכהמאַן. געוויס איז פּאַראַן. איר זעט אָט דאָס? „קוקעריקאָן", אַ וואונדערבאַרער מיטל. אין משך פון דריי וואָכן זאָלט איר געבן פון דעמראַזיקן וואַסער איין שמעק, העכסטנס צוויי שמעק — און אין איין מעת־לעת האָט איר פון אייערע הינער־אויגן קיין זכר נישט. אָט האָט איינער ביי מיר יענע וואָך געקויפט אַ פלעשל „קוקעריקאָן", האָט ער מיט איין טראָפּן געניצלעך אויסגעהיילט זיין שלעפּע קישקע, און יעצט האָט ער באַשטעלט גאַנצע 20 פלעשלעך. ווי מיינט איר, הערר דאָקטאָר?

אַדוואָקאַט: וואָס פאַר אַ שלעפּע קישקע? איך רעד פון הינער־אויגן.

דאָקטאָר (רייסט זיך אָפּ פון זיין שרייבן, קומט צו): וואָס? הינער־אויגן? נו, דאָס איז דאָך קלאָר, צו וואָס איז אַזוינס הינער־אויגן? דער מאָגן ליגט ביי אייך אַ ביסל צו־טיף. די לעבער צו־קרום, און די מילץ צו־הויך. מילא, ווירקט עס אויף די הריזן און עס רופט אַרויס הינער־אויגן. נעמט איר אָבער פון דעם וואַסער...

אַפּטייקער: איין שמעק, און שוין. אויס קאַטאַר! וואָס דאַרפט איר מער? נעכטן איז ביי מיר געוועזן אַ פּאַציענט מיט אַזאַ בויך און מיט אַזאַ גוז, האָט ער געגעבן איין שמעק — און דער בויך איז אַזוי אַראָפּגעפאַלן, אַז מען האָט אים באַדאַרפט אויפהויבן.

אַדוואָקאַט: וואָס פאַר אַ בויך, ווען בויך? איך רעד פון הינער־אויגן.

אַפּטייקער: פּשעפּראַשאַם, איך מיין הינער־אויגן. אַוודאי הינער־אויגן. אַרטשיסקעס.

אַדוואָקאַט: און איך גלויב נישט אין אייערע מיטלען. עס וועט נישט העלפן!

אַפּטייקער: און אַז נישט העלפֿן, איז וואָס? אָבער קאַליע־מאַכן וועט עס נישט.

אַדוואָקאַט: מיטל־שמיטל... אייערע אַלע מיטלען זענען אַ בלאָף! ס'איז אַ שווינדל, אַ שאַנטאַזש!... איר באַשווינדלט די באַאיוועגעזעלשאַפֿט! מ'דאַרף אייך אַלעמען איבערגעבן צום פּראָקוראָר, אין סיביר דאַרף מען אייך פֿאַרשיקן!

דאָקטאָר: וואָס רעדט איר! דערדאָזיקער פּרעפּאַראַט (בויגט זיך אָן צום אַפּטייקער, אונטערשטעלנדיק דאָס אויער)... ווי הייסט עס? (דער אַפּטייקער ענטפֿערט: „קוקעריקאָן")... ע... ע.::— „קוקעריקאָן" איז פּרעפּאַרירט גאָר אויף אַנדערע פּרינציפּן; וואָרום לויט די לעצטע מעדיצינישע אויספֿאָרשונגען, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן פֿאַר די לעצטע צוויי טעג, איז איצט קלאָר, אַז דער פּרינציפּ פֿון אַ הינער־אויג איז די דיאַפֿראַגמעס פֿון דער קאַטאַרפּלאַזמע; און אַזוי ווי די מילץ ליגט ביי אייך אַ ביסל קרום, די לעבער צו־הויך, דער מאָגן צו טיף, איז אָט מיט דעם פּרעפּאַראַט... וואָס... ע—ע..: אַ־אַ־אַפּ־טשי!...

אַדוואָקאַט: אָט זע איך דאָך, אַז איר האָט אַ וואַזשנעם קאַטאַר! און איר קאָנט פֿון אים אַליין נישט פּטור ווערן, טאָ וואָס האַקט איר אַ טשייניק!? איר זענט אַ שווינדלער. צום פּראָקוראָר! אויף קאַטאָרגע דאַרף מען אייך פֿאַרשיקן! טויט־שטראָף דאַרף מען אייך געבן!... הענגען! שיסן דאַרף מען אייך!

אַפּטייקער: ווייס איך, עט... מע... (שטופּט אַוועק דעם דאָקטאָר, וועלכער גייט צוריק אין ווינקל שרייבן). פֿאַניע מעצענאַשע, קורץ און בינדיק. וואָס טויג אייך טויט־שטראָף, הענגען, שיסן... אַ־מער הערט זיך איין: איר ווילט, אַז דאָס מיטל זאָל אייך העלפֿן? וועט עס אייך זיכער העלפֿן. אויב נישט צו הינער־אויגן, איז צו דער קעשענע... אויף די הינער־אויגן קאָנט איר אייך אָנטון אַ פּאָר ברילן.. מיר וועלן שמועסן געשעפֿט. איך דאַרף דאָך אייך נישט אַריינלעגן קיין פֿינגער אין מויל.... איר זענט דאָך עפּעס אַ פּראַוווניק!

אַדוואָקאַט: איך פֿאַרשטיי נישט...

אפטייקער: וואס פארשטייט איר דא נישט? איר שרייבט מיר נור אן א בריוועלע, און איר וועט צו דעם עסק נישט דערלעגן...

אדוואקאט: וואס פאר א בריוועלע?

אפטייקער: א דאנק־בריוועלע, אז איר האט געהאט הינער־אויגן, און מיין פרעפאראט האט אייך געהאלפן.

אדוואקאט: אהא... נו, און וויפיל?

אפטייקער: א פופציקער איז גענוג?

אדוואקאט: אביסל ווייניגלעך... נו, מילא...

אפטייקער: טא נאט אייך א פעדער מיט פאפיר און שרייבט. (זעצט אים אוועק ביי א זייטיקן טישל).

אדוואקאט: איז וואס זאל איך שרייבן?

אפטייקער: שרייבט, אז איך, געשוואוירענער אדוואקאט פיסקמלאכהמאן, האב יארן לאנג געליטן פון מיינע כראנישע הי־נער־אויגן און פון בראנכיט־גרוטשאלן, שווערע קרענק, אדטשיסקעס, הארץ־קוועטשעניש, בויך־דרייעניש, שלעפע־קישקע, קלעפטאמאניע, פערפעטום מאבילי א. ד. גל., פון וואס איך בין אריינגעפאלן אין א שטארקן פעסימיזם; נאר זינט איך האב אנגעהויבן צו באנוצן דאס גלענצנדע פאטענטירטע מיטל פון בארימטן מאגיסטר־פאר־מאציע פיגולקין, וואס איז אנערקענט געווארן דורך דער ווארשע־ווער קאנסעקוואטאריע און פאטענטירט געווארן דורך דעם דע־פארטאמענט פון צאל־אמט, זענען די הינער־אויגן פון די פיס אפ־גענומען מיט די הענד... און איך האב צוריק באקומען מיין לעבנס־הומאר און מיין גלייכגעוויכט אין די פיס... נאר געדענקט — דאס בלייבט א סעקרעט. קיינער טאר דערפון נישט וויסן. און איבער־הויפט יענער (ווייזט אויפן דאקטאר) טאר נישט וויסן, אז איר קריגט באצאלט.

אדוואקאט: נו געווים. פאר וועמען האלט איר מיך? איך בין דאך עפעס א פראוואניק.

אפטייקער: נו איז גוט. אפטשי! (טרעט אים אן אויפן הינער־אויג).

אדוואקאט: אי, אי! גייט שוין אוועק; איר האט דאך מיר אנגעטראטן אויפן גרעסטן הינער־אויג.

(עס לויפט אריין דער רעדאקטאר טינטעל־טינטעלמאן).

אפטייקער: א, טשעשטש, פאנו רעדאקטאראווי!

רעדאקטאר: איך פארשטיי נישט! איז דא א מעדיצינישע וויסנשאפט, צי איז נישטא קיין מעדיצינישע וויסנשאפט? עפעס זענען דאך דא, צו אלדי שווארץ יאר, אוניווערזיטעטן מיט קליניקס, מיט פריזירער, מיט כיראמאנטן, מיט קאליגראפן, מיט אפטייקן, מיט קליזמעס, מיט באנקעס, מיט שטראלן, מיט ברוכגארטלען, און קיין פיצל מיטל צו הארוואקסן איז נישטא און נישטא... עס איז שוין דער קאפ ביי מיר גאלע, ווי א קני, אז איך וויים שוין נישט באלד, ביז וואנען איינצוואשן זיך; אז איך וויים נישט, וואו עס ענדיגט זיך דאס פנים און וואו עס הויבט־זיך־אן דער קאפ... און דא בין איך נאך געווארן א חתן... און מיין כלה וויל נור, איך זאל האבן לאקאנעס — א שרייבער, זאגט זי, מוז האבן האר. זי וויל, זאגט זי, גלעטן מיינע לאקאנעס. גיב איר לאקאנעס, אז ביי מיר איז א קאפ, ווי א לבנה. שוין־זשע איז נישטא קיין מיטל צו הארוואקסן? נישט קיין סך, נאר אביסעלע האר מעג דאך א מענש האבן.

אפטייקער: מאלט אייך, פאניע רעדאקטאר, אז מיר האבן יא א מיטל צו הארוואקסן. קומט אהער. איר זעט דאס? אט פון דאזיקן פלעשעלע נעמט איר א פאר טראפן און רייבט־איין דעם קאפ, און — פיוט! אוים מיט די הינער־אויגן! געווען הינער־אויגן, נישטא קיין הינער־אויגן!

רעדאקטאר: וואס פאר א הינער־אויגן. איך רעד וועגן האר, רעד איך!

אפטייקער: אט־אט־אט! טאקע וועגן די האר! איר האט דען א בעסער מיטל צו פארניכטן דאס האריקע געוויקס? עס פארניכטעט דאך צוזאמען מיט דיווארצלען. אט איז ביי מיר נעכטן געווען א יידענע, האט זי געהאט אזש א בערדל. האט זי, אדאנק דעמדאזיקן מיטל, געקריגן א גלאטיק פנים, ווי א שפיגל. קיין פיצל האר.

רעדאקטאר: וואס דערציילט איר מיר פאר א מעשיות

מיט א יידענע! איך דארף יאָ האָר. איך האָב אַ פּליך, האָב איך אַ בּאָרוועסן קאָפּ.

אַפּטייקער: אָט־אָט־אָט! דערהראָזיקער פּרעפּאַראַט וועט איך מאַכן, אַז עס זאָל וואַקסן האָר. וואָרום אַזאַ דערפינדונג איז עס: בּיי אַ פּאַרוואַקסענעם מאַכט עס אויסקריכן די האָר, און בּיי אַ פּליכעוואַטן מאַכט עס וואַקסן די האָר... אָט, איר זעט בּיי מיר: דער גאַנצער קאָפּ איז בּיי מיר געווען איין גרויסער פּליך, האָב איך אָט דאָ מיט מיין פּרעפּאַראַט אָנגעשמירט, איז בּיי מיר די גרויע האָר געוואָרן שוואַרץ. אַזאַ פּרעפּאַראַט איז עס: איר האָט גרויע האָר, ווערן זיי בּיי אייך מאָמענטאַל שוואַרץ.

רעדאַקטאָר: אָבּער וואָס פּלוידערט איר — שוואַרץ, גרוי, אַז איך האָב גאָר קיין האָר נישט!

אַפּטייקער: זאָג איך דאָך, איר וועט שוין קריגן האָר. איר וועט קריגן... שאַט, לאָמיר הערן, וואָס וועט זאָגן אונזער בּארימטער אַהוואָקאַט פּיסקמלאכהמאַן און אונזער גרויסער פּראָפעסאָר ד"ר קאַנעגיסער. בּיטע, פּאַנאָוויע! (זיי קומען צו).

דאָקטאָר: וואָס, אַ פּליך? נו, דאָס איז דאָך קלאָר. דער פּרינציפּ איז פּשוט. די מילץ ליגט בּיי אייך צו־קרום, די לעבּער צו־טיף, דער מאָגן צו־הויך, ממילא ווירקט עס אויף דער דיאַפראַגמע פון די דריזן פון דער קאַטערפּליאַזמע, און פון דער קאַטערפּליאַזמע אויף די האָר, איז אַ—אַפּטשי!... (טרעט־אָן דעם אַדוואָקאַט אויפן הינער־אויג).

אַדוואָקאַט: אי, אי, אי!... גאַנץ געוויס. דער קאָרפּוס דעליקטי, וואָס רופט אַריין דעם פאַרס מאַזשאָר, מוז ווירקן, אַז די האָר זאָלן וואַקסן.

אַפּטייקער: אַלץ הייסט וואַקסן! אין צוויי טעג בּאַקומט איר אַ טשופּרינע, לאָקאָנעס, אַ שמשון־הגבּור וועט איר ווערן. איר ווייסט דען, וואָס פאַר אַ מיטל דאָס איז? יענע וואָך האָט בּיי אונז איינער געקויפט אָט דעם „קוקעריקאָן", איז בּיינאַכט האָט ער, בּאַגיסנדיק דעם קאָפּ, אָביסל פאַרגאָסן אויף זיין העמד, איז דאָס העמד אויף מאָרגן געוואָרן — אַ פּעלץ! ווי וואָר איך לעבּ. אַפּטשי!

אַדוואָקאַט: וואָס דאַרפט איר מער, נעמט אַן אויסגעקראַכענע באַרשט און באַגיסט מיט אַט דעם וואַסערל — און איר האָט צוריק אַ נייע באַרשט מיט חזיר־האָר!

דאָקטאָר: אַפּטשי! דעריבער איז אַט דער פּרעפּאַראַט (צום אַפּטייקער: ווי הייסט עס? דער אַפּטייקער ענטפערט אים אויפן אויער: „קוקעריקאָן") „קוקעריקאָן"... אַפּטשי!..

אַפּטייקער: אמת געגאַנגען!... וואָס איז באַשטעטיקט געוואָרן דורך דער קאָמיסיע אַפּעלאַצינע און פּאַטענטירט פון דעפּאַרטאַמענט... אַפּטשי!

אַדוואָקאַט: פון סענדזשע סליעדטשי און אָקסיליום אַקאַדעמיקום יודאַאיקום... אַפּטשי...

רעדאַקטאָר: אָבער וואָס האָט איר זיך צעניסט און צעפּירכעט! עט, לאָזט געמאַך. די גאַנצע מעשה איז אַ שווינדל! איר באַשווינדלט דאָס פּאָלק!... מען דאַרף אַלעמען באַשרייבן אויפן בלאַט. אַזוי באַשרייבן, אַז איר זאָלט פאַרזאָגן אַ צענטן — נישט צו באַשווינדלען די אָרימע מאַסן... איר זענט אַ באַנדע מאַרעוויכערם! שאַנטאַזשיסטן!

אַפּטייקער: אָבער לאָזט געמאַך... (שטופּט דעם דאָקטאָר און אַדוואָקאַט צו זייערע טישלעך). עך, פּאַניע טינטעל־טינטעלמאַן! וואָס גייט אייך אָן: פּאָלק, שמאָלק... אַמער, איר זענט דאָך עפּעס אַ גוטער ברודער און אַ שרייבער דערצו און אַן אינטעליגענטער מענש! באַדאַרפט איר דאָך שטיצן די וויסנשאַפט... טאָ זענט נישט קיין יאָלד אין קאַפּעליוש... איר ווילט אַ האַלב־טוץ פּולס־זייף?..

רעדאַקטאָר: זייף? מ'נע... ווער זאָגט זיך עס אָפּ פון זייף?...

אַפּטייקער: און אַ פלאַש קעלניש וואַסער ווילט איר?

רעדאַקטאָר: מהיכי־תיתי! ווער זאָגט זיך עס אָפּ פון קעלניש וואַסער?

אַפּטייקער: (באַשפּריצט טינטעלמאַנען מיט קעלניש וואַסער): איר הערט, ווי ס'שמעקט? טאָ זענט אַזוי גוט, גוטער ברודער, און שרייבט־אָן אַ קנאַקעדיגע נאָטיץ פאַר די צייטונגען וועגן מיין נייער דערפינדונג.

רעדאקטאר: נו, נו, מילא... וואס טוט מען נישט פאר־בער וויסנשאפט...

אפטייקער: איז וואס וועט איר שרייבן?

רעדאקטאר: איך וועל שוין וויסן, וואס צו שרייבן; איר דארפט מיך נישט לערנען. איך בין אן אלטער צייטונגס־מענטש. איך וועל שרייבן... (דעקלאמירט): אז קיין איין וויסנשאפט האט לעצטנס נישט געמאכט אזעלכע פארשריט, ווי די מעדיצין. יעדן טאג באַ־ווייזט זי וואונדער. מען היילט שוין שווינדזוכט, קרעבס, ציין־ווייטאג, מערידן, גריפע, שלעפע־קישקע. דאס אלץ ווערט באקעמפט. און אפילו אזא שרעקלעכע בייטש פון דער מענשהייט, ווי א פליך, איז שוין אויך באקעמפט געווארן אדאנק דעם נייעם פאטענטירטן מיטל פון באוואוסטן אפטייקער ראקטאר פיגולקין, וואס הייסט מיטן נא־מען... ווי הייסט עס?...

אפטייקער: „קוקעריקאן".

רעדאקטאר: „קוקעריקאן".

אפטייקער: וואס מען באקומט אין אלע אפטייקן און אין אלע אפטעטשנע סקלאדעס, שפייז־געוועלבער און צייטונגס־פאר־קויפער.

רעדאקטאר: וואס מען באקומט אין אלע אפטייקן און אין אלע אפטעטשנע סקלאדעס, שפייז־געוועלבער און צייטונגס־פארקויפער, און פון וואס די האר וואקסן, ווי אויף הייוון, און קריכן־אויס, ווי ביי אן אלטע קליאטשע, און וואס מאכט פון ווייסע האר — שווארץ, פון שווארץ — ווייס, געל, גרין, בלוי...

אפטייקער: אט אזוי זענט איר א לייט!... און איצט נעמט א טינט־און־פעדער און שרייבט מיר אן די נאטיץ... נאר זעט, אז קיינער זאל דערפון נישט געוואויר ווערן, אז איר נעמט דערפאר א מתנה. שא, שטיל...

רעדאקטאר: געווים; פאר וועמען האלט איר מיך? איך בין דאך עפעס א רעדאקטאר...

אפטייקער: איז גוט. גייט שרייבט־אן די נאטיץ. איך וועל שוין דאס באזארגן אין די צייטונגען. (שטופט אים אוועק צו א ירדימי טישל).

(אַלע דריי זענען פאַרטיפט ביי די טישלעך אין זייער שרייבן. דער אַפטייקער שטייט הינטערן קאָנטאָר־טיש און רייבט די הענט פאַר פאַרגעניגן. די דריי פאַרשווינען שטייען־אויף פון זייערע טישן און טראָגן־אונטער דעם אַפטייקער זייערע אָנגעשריבענע שריפטן).

דאָקטאָר: ביטע!

אַדוואָקאַט: ביטע!

רעדאַקטאָר: ביטע!

אַפטייקער: איך דאַנק אייך זייער, מיינע הערן, פאַר דעם גרויסן אינטערעס, וואָס איר האָט אַרויסגעוויזן צו דער וויסנשאַפט און צו מיין אַנטדעקונג. איך האָף, אַז איר האָט עס געטון אויס לויטער אידעלע און הומאַניטאַרע מאָטיוון. איך וויל אייך אפילו נישט פאָרלעגן קיין מאַטעריעלן האָנאָראַר, אָט דעם אומווירדיקן מעטאַל, וואָס מען רופט געלט, ווייל דאָס וואָלט אייך באַליידיקט ביז אין די טיפענישן פון אייער נשמה. נישט וואָר?

אַלע: געוויס, געוויס... חלילה, חלילה, מיר האָבן עס נישט געטון פאַר געלט.

אַפטייקער: איך האָב געוואוסט. נאָר לאָמיך האָבן דאָס גליק צו מאַכן אַ קליינע מתנה. לאָזט מיר אייך שענקען טאָקע מיין דאָזיקן פּרעפּאַראַט, מיין דערפינדונג „קוקעריקאָן", די פרוכט פון מיין דערפינדונגס־גייסט. זאָל יעדער פון אייך האָבן אַ פלעשל „קוקע־ריקאָן", זאָל עס ביי אייך שטיין אויפן טיש, און זאָל עס זיין אַ רעקלאַמע פאַר דער מענשהייט צום גונסטן פאַר איר געזונט און וואוילשטאַנד. „הקאמא סאַנא און קאָרפּאָרא סאַנאַ".

(די דריי נעמען־צו די פלעשלעך, דאַנקען און גייען אַרויס טרויעריק).

אַפטייקער (אויפגעלעבט, נעמט זיך צו דער אַרבעט מיט קוראַזש, רופט דאָס ווייב): רעגינאַ! רעגינאַ! אַהער, צו דער אַרבעט! (רעגינאַ לויפט אַריין). נו, גיכער! קאַלבעמערפּעריקום, אַקוואַ־דעד־וואָדאָטשאַנגום! לאַקריץ־קיבעביקום!...

(פאָרהאַנג).

# א זעלטענע ביבליאָטעק

איך האָב דאָך שוין געזען עפּעס ביבליאָטעקן אין מיין לעבן. איך האָב געזען די גרויסע ביבליאָטעק אין לעווען, די נאַציאָנאַל־ביבליאָטעק אין פּאַריז, וואָס מ'זאָגט אויף איר, אז אויב מ'זאָל אויסלעגן די ביכער אין איין שורה, וועט עס פאַרנעמען פון פּאַריז ביז מאַרסעל. איך האָב געזען די קעניגלעכע ביבליאָטעק אין בערלין, וואו בלויז די איינע קאַטאַלאָגן בילדן א באַזונדערע ביבליאָטעק; די ביבליאָטעק ביים בריטישן מוזעאום — הכלל, איך האָב געזען א סך ביבליאָטעקן, נאָר אזא ביבליאָטעק, ווי אינם שטעטל הושע־נאָווקע, האָב איך נאָך אין־ערגעץ נישט געזען.

איינמאָל, ווען איך בין געווען אויף א פאַרלעזונג אין דער־דאָזיקער הושענאָווקע, האָט מען מיך אריינגעפירט אין דער אָרטי־גער פאָלקסביבליאָטעק — און שוין ביים ערשטן אריבערטרעטן די שוועל בין איך געבליבן שטיין פאַרחדושט און געפּלעפט, ווי פאַר דעם גרעסטן בייזוואונדער.

ארום די ווענט האָבן זיך, ווי אין יעדער ביבליאָטעק, געצויגן עטלעכע שטאָק לאַנגע רייען פּאָליצעס, נאָר אויף די פּאָליצעס איז קיין איין בוך נישט געווען, אָבער לחלוטין נישט. זאָלט איר זאָגן — א זכר פון א בוך. גאָלע לעדיגע פּאָליצעס, ווי אין א שניט־קראָם נאָך א באַנקראָט. פאַרשטויבטע מיט שפּינוועבס, וואו איינציגע פליגן האָבן זיך געצאַפּלט אינדערמיט.

ביי דער ביבליאָטעק איז אויך געווען א לעזע־זאַל מיט א גרויסן, לאַנגן טיש פאַר צייטונגען און זשורנאַלן, נאָר אויך דאָ איז קיין איין צייטונג און קיין סימן פון א זשורנאַל אויפן טיש

נישט געווען. א לאנגער, לעדיגער, מיט טינט־באפלעקטער טיש און
ווייטער גארנישט.

די זעלבע לעדיגקייט און וויסטע פוסטקייט איז אויך געווען
אויף די ווענט. קיין איין בילד, קיין איין פארטרעט און קיין איין
פאטאגראפיע פון וועלכן עס־איז שרייבער אדער דיכטער אדער אפילו
פאלקס־פירער, ווי עס פירט זיך אין אנדערע ביבליאטעקן, איז נישט
געווען צו געפינען. נאקעטע, בארוועסע ווענט!

איך האב געקוועטשט מיט די פלייצעס.

ביים טיש איז געשטאנען א דארער אויסגעצויגענער יונגער־
מאן מיט א פאר גרויסע ברילן. ער האט מיך באמערקט און גע־
זאגט:

— איך זע, איר באוואונדערט אונזער זעלטענע קולטור־אנ־
שטאלט, מוז איך אייך דערציילן און אויפקלערן די סבות, פאר־
וואס אונזער ביבליאטעק האט אזא פעסימיסטיש אויסזען. אבער
צו־ערשט לאמיך זיך פאר אייך פארשטעלן: זרחא ציפקין, קול־
טור־פריינט און ביבליאטעקאר פון דער היגער ביבליאטעק.

— זייער אנגענעם. איך בין טשעקאווע צו הערן.

— שוין לאנג — האט ער אנגעהויבן מיט א הויך לשון —
אז אונזער שטעטל האט זיך גענויטיגט אין א קולטור־פאקטאר אין
דער געשטאלט פון א פאלקס־ביבליאטעק. דאס האבן פארשטאנען
אלע אונזערע טוער, פארטייען און אנדערע שיכטן פון פאלק. ווארום
אונזער שטעטל איז געזונקען און טובלט זיך אין א פינסטערער
קאניונקטור; און כדי ארויסצובארענען א שטראל פון ליכטיגקייט אין
אונזער פינסטערער קאניונקטור, האבן אלע איינשטימיג באשלאסן
צו עפענען א קולטור־פאקטאר, ד. ה. א פאלקס־ביבליאטעק.

איז אבער אונזער שטעטל קליין און אונזערע פארטייען זענען
קליין, און קיין איין פארטיי איז נישט אין געגנשטאנד אליין צו
עפענען אויף אירע אחריות אן אייגן ליטעראטור־צענטער.

נאר אזוי ווי אלע זענען אין דער טיפסטער איבערצייגונגס־
קראפט, אז די עלעמענטן פון ליכטיגקייט און קולטור זענען א נויט־
ווענדיגקייט אין אונזער פינסטערער קאניונקטור, זענען אלע אונ־
זערע פארטייען איינגעגאנגען אויף א קאמפראמיטאציע און בא־

שלאָסן מיט געמיינזאַמען אַנטאַגאַניזם צו גרינדן אַ ביבליאָטעק, מיט אַן אויסוואַל פון ביכער, צייטונגען און פעריאָדן, וואָס זאָל באַפרידיקן די פּסיכאָלאָגישע הצטרכות פון אונזער גייסטיקן אויסזען.

האָט מען צונויפגעזאַמלט געלט און מען האָט אויסגעשריבן ביכער, זשורנאַלן, צייטונגען און פעריאָדן פון אַלע אונזערע וועלטאַנשויאונגען און פּראָגראַמען.

און פּאָרטרעטן מיט פאָטאָגראַפיעס האָבן מיר צוהאַנגען אויף די ווענט. אַלערליי פּאָרטרעטן און בילדער, יעדע פּאַרטיי מיט אירע פירער און אידעאָלאָגיע. און עס איז געשאַפן געוואָרן אַ גאָר שיינע ביבליאָטעק, אַ רייכע ביבליאָטעק, מען קאָן זאָגן, פון אַלוועלטלעכן מאַסשטאַב. און אַ שילד האָבן מיר אָנגעשלאָגן אויף דער טיר: „די ביבליאָטעק פון „ליכטיגן שטראַל“ אין הושענאָוועקע“ — און פאַרטיג. זאָל דאָס פאָלק גיין און ווערן באַלעזן און זיך אָננעמען מיט קולטור און אינטעליגענץ, און זאָל די מענשהייט ווערן פּאָליטיש רייף.

אַ קורצע צייט איז געווען גאָר נישט שלעכט. אונזער שטאָט איז געווען גרוים אויף איר קולטור־פאַקטאָר און איר „ליכטיגן שטראַל“.

נאָר פּלוצלינג האָבן מיר אָנגעהויבן צו באַמערקן, אַז די קולטור־אוצרות פון דער ביבליאָטעק הויבן־אָן צו פאַרשווינדן, זיי הויבן־אָן צו זינקען, ווי אין וואַסער אַריין. די פּאָליצעס ווערן לויזער און שיטערער, פון די טישן ווערן נעלם צייטונגען און זשורנאַלן און ווערן ערגעץ איינגעזונקען. מיט איין וואָרט, עס ווערט אַ רעזיגנאַציע פון אונזער גאַנצער ביבליאָטעק, און דער „ליכטיגער שטראַל“ ווערט אויסגעלאָשן.

מיר האָבן געפּרוווט אָנקלעפּן אַ וואָרנונג אויף די ווענט, אַז מיר בעטן די חשובע חברים־גנבים, וואָס האָבן צופעליג אוועקגענבעט די ביכער און די זשורנאַלן, זיי זאָלן עס צוריק ברענגען. מיר האָבן געפּרוווט אויף יעדן ביכל און אויסגאַבע אוועקלעגן אַ שטעמפּל: „דאָס דאָזיגע בוך איז געגנבעט אין ביבליאָטעק דער „ליכטיגער שטראַל“. נאָר עס האָט נישט געהאָלפן. די ביכער און די זשורנאַלן און די צייטונגען האָבן געהאַלטן אין איין פאַרשווינדן,

פונקט ווי געשפּענסטער וואָלטן דאָ געאַרבעט. דאָס, וואָס אייער אויג זעט, איז געוואָרן פון אונזער ביבליאָטעק.

— וואָס־זשע איז פּאָרט אַזוינס געשען?

— וואָס איז דאָס פּאָרט אַזוינס געווען, ווילט איר וויסן? עס איז געשען פּראָסט־פּשוט אַזאַ געשעעניש:

אונזערע פּאַרטייען, הגם זיי זענען סאָלידאַריש און קאָמפּאַקטיש אין גרינדן דעם קולטור־פאַקטאָר, ד. ה. אונזער ביבליאָטעק, האָבן זיי דאָך אויף דער אַרענע פון דעם באָדן פון אונזער ביבליאָטעק געפירט זייער אומאויפהערלעכן קלאַסן־קאַמף און פּאַרטיי־שטרייטיגקייטן. נעמלעך, יעדע פּאַרטיי האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן די אַנוועזנהייט פון די ביכער און זשורנאַלן פון איר געגנער, און אַזוי האָט יעדע פּאַרטיי בשתיקה גענומען אויסרוימען די ליטעראַטור פון דער אַנדערער פּאַרטיי.

— דהיינו?

— דהיינו, דער „בונד“ האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן די ביכער פון די ציוניסטן, — האָבן די ציוניסטן נישט געקאָנט פאַרטראָגן די ביכער פון „בונד“; דער „בונד“ האָט, למשל, אוועקגעלקחנט די ביכער פון הערצל, ליליענבלום, אחד־העם, וואָס באַפינסטערן דאָס באַוואוסטזיין פון די אַרבייטער־מאַסן, — זענען געקומען די ציוניסטן און האָבן בשתיקה אוועקגענבעט די בונדיסטישע ביכער מיט דער גאַנצער סאָציאַליסטישער אַגיטאַציאָנס־ליטעראַטור פון מאַרקס, לאַסאַל, באַקונין, אָסיפּ דימאָוו, קאַזשדאַן, א. ליטוואַק, קויטסקי, וואָס פאַרלייקענען די נאַציאָנאַלע געפיהלן. זענען געקומען די יידישיסטן און האָבן אוועקגעגנבעט די העברעאישע ביכער, זענען געקומען די העברעאיסטן און אוועקגעגנבעט די יידישיסטישע ביכער. זענען געקומען די אָרטאָדאָקסן מיט דער „אגודה“ אין דער שפּיץ און האָבן אוועקגעגנבעט זייערע בייזדנס ביכער, צוגעלייגט אַ פייער און פאַרברענט זיי אויף אַ שייטער־הויפן פון דער אינקוויזיציאָן. אַזוי־אַרום זענען מיר געבליבן אָן איין בוך, בלויז מיט לעדיגע פּאָליצעס.

דאָסזעלבע איז מיט די צייטונגען: האָט אַ ציוניסט אוועקגעשלעפּט פון טיש די „פאָלקס־צייטונג“, איז געקומען אַ בונדיסט און

צוגעלקחנט פון טיש די „ציוניסטישע בלעטער"; זענען זיי ביידע געקומען און אוועקגעשלעפט דאס „יודישע טאגעבלאט", זענען געקומען די „פעצעקעס" און צוגעשלעפט דעם ארגאן פון ארבעטער־יוגנט „פרייהייט", זענען געקומען די מיטגלידער פון ארבעטער־יוגנט און אפגערוימט דעם ארגאן פון די צעירי־ציון „דער נייער וועג". זענען געקומען די חברים פון „יוגנט־בונד" און באזייטיגט „די יידישע שטימע" — דעם ארגאן פון די „פועלי אגודת־ישראל". זענען געקומען די רעוויזיאניסטן און אוועקגעשלעפט דעם בונדיסטישן „וועקער", זענען געקומען די קאמוניסטן און אוועקגענומען אלע זשורנאלן מיט אלע צייטונגען — און א סוף, אן עק! אזוי־ארום האבן מיר געהאט דעם אמתן חד־גדיא. מען האט אזוי לאנג געשלעפט איינער ביים אנדערן זיין ארגאן, ביז מיר אלע זענען געבליבן גאר אן ארגאנען.

דאסזעלבע אויך מיט די ווענט:

אויך דא האט זיך אפגעשפילט די הינטער־קוליסן־דעמאגאגיע. גנבעט אראפ דער יידישיסט ביאליקס פארטרעט, קומט א העבראיסט און גנבעט אראפ פרצן מיט אשן, קומט א דריטער און שלעפט אראפ זיי ביידן און הענגט אויף מעדעמען מיט מארקסן; קומט א פועל־ציון און גנבעט אראפ אלע פארטרעטן און הענגט אויף זרובבלן מיט לעוון, קומט אן אלגעמיינער ציוניסט און שלעפט אראפ זרובבלן און הענגט־אויף באלפורן מיט חיים ווייצמאן, קומט אן עת־לבנותניק און הענגט־אויף לואי מארשאל; קומט אן על־המשמרניק און רייסט אראפ לואי מארשאל און הענגט אויף פאדליעשעווסקין; קומט א רעוויזיאניסט און רייסט אראפ באלפורן מיט חיים ווייצמאנען און הענגט־אויף זשאבאטינסקין מיט טרומפעלדארן; קומט א קאמוניסט, רייסט זיי אלעמען אראפ און הענגט־אויף ליטוואקאווס שוועסטער; קומט א פאלקיסט און רייסט אראפ ליטוואקאווס שוועסטער און הענגט אויף ביבערן מיט ווערימקרויטן.

אט אזוי האט מען געהאלטן אין איין רייסן פארטרעטן, ביז אויך די ווענט זענען געבליבן חרוב און וויסט.

און איצט האבן מיר דאס, וואס איר זעט — א שלאכט־פעלד. אפילו קיין סימן נישט געלאזן.

אַן אויסטערלישע ביבליאָטעק!...

ער האָט אָפּגעווישט זיין נאַסן שטערן און געענדיקט:

— אַז מען וויל, מיין פריינט, איז עס אַ סימבאָליזם אויף דעם גאַנצן יידישן פאָלק, אויף זיין לעבן און שאַפן בכלל... אָך, כאָכאַ!...

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן. אין קליינעם שטיבל מיט די לע־דיגע פּאָליצעס איז געשטאַנען אַ טויטע שטילקייט. בלויז אַ גרויסע פליג האָט געזשומעט אין ווינקל פון אַ פאַרוויגער שויב...

# אלטער ווײַן

איך געדענק נישט גענוי, צי דאָס איז געווען עהערנעכטן, אָדער אויפֿן פֿערטן שטאָק — מיר זענען געווען אויף אַ שמחה.

אונזער פֿרײַנט לייזער־אליה דער וואַלד־סוחר האָט געפּראַוועט זײַן גאָלדענע חתונה.

מיר האָבן זיך פֿאַרזאַמעלט, קיין־עין־הרע, אַ היבשער עולם פֿון אײַנגעלאַדענע געסט. עס זענען געווען חשובֿע „געסט", און אינטעליגענטן, און אײדעלע לײט, און וואַיאַזשאָרן, און סוחרים, און פֿאַבריקאַנטן, און טאַקע פֿאַרמעגלעכע מענשן אויך.

צווישן די געסט איז געווען אויך דער צײַטונגס־שרײַבער ה' פֿלידערמאַן, וואָס מיט זײַן טיעפֿער אינטואיציע און זײַן גײַסטיגער „נאָז" דערשמעקט ער שטענדיק אַ סעודה און קומט צו באַשרײַבן און צו „פֿאַרזוכן".

אויף אים זאָגט מען טאַקע, אַז ער איז בײַ אַ טיש גאָר אַ וואַזשנער — עסער.

דער טיש איז געווען אויסגעשטעלט, ווי די שענסטע פּאַנאָראַמע. כּל־טובֿ — איינגענע, ווי אויך מיטגעבּרענגטע פֿון די געסט. קאַלט און וואַרים עסנוואַרג פֿון כּל המינים. גרויסע אַרכיטעקטאָנישע טאָרטן מיט כּלערליי אָרנאַמענטן פֿון אַלערליי סטילן בײַ די זײַטן און מיט געשניצטע „שטיל־לעבענס" פֿון אויבן. אַ פֿאַרשײַטע און אומטאַראַלישע גאַנז איז געלעגן מיטן בויך אַרויף. אויף שמאָלע פּאַלומיסקעס, וואָס אויף יעדן פֿון זיי איז געווען בולט אויסגעמאָלט אַ פֿישל אָדער אַ הערינג, זענען געלעגן אמת'ע נאַטור־טרײַע הערינג באַפּוצט מיט עסיג און ציבעלעס. דאָ און דאָרט זענען געשטאַנען

לאַנגע אויסגעצויגענע פלעשער און בײַ די זײַטן בײַיִגע קורצע קאַראַפקעס פאַט־און־פאַטאַשאָנס.

דער בעל־שמחה אַליין, לייזער־אליה, אַן אויפגעראַמטער, שייַנ־בענדיגער ייִד מיט אַ פאַרשוויצטן שטערן, האָט זיך בגלופין מתעסק געווען אַרום די געסט און געהאַלטן אין איין מינטערן:

— נאָר נישט אָפּלאָזן זיך, רבותי! נאָר נישט אָפּלאָזן זיך. איר, ר' חיים, נעמט נאָך אַ הריט שטיקעלע פיש, און איר, פאַניע, נאָך אַ פערטן עפּל, און איר, הער פינקעלשטיין, גיסט אייך אָן אַ זעקסט גלעזעלע וויין...

ענדלעך, ווען דער גאַנצער עולם איז שוין געווען דערוואַרימט און צעוויגט פון גרויס נחת און זאַטקייט, איז אויפגעשטאַנען דער לאַהזער רייזנדער משה לייב טומאַרקין, אַן עלטערער מאַן, וואָס צוליב זיין גרויקייט האָט מען שוין נישט געקאָנט דערקענען, אַז ער איז אַמאָל געווען אַ געלער, און אָנגעמענדיג אַ חשובע פּאָזע, האָט ער אויסגערופן מיט גרויס פייערלעכקייט:

— און איצט, מיין ליבער פריינט לייזער־אליה און אַלע מיינע טייערע אַנוועזנדע, וועל איך אייך אונטערטראָגן אַ מערקווירדיקן סיורפריז.

דערביי האָט ער אַרויסגעשלעפּט פון זיין אונטער־פּאָלע־באַ־העלטעניש אַ קויטיג־גרויע און שטאַרק פאַרבלאָטיגטע פלאַש און אַוועקגעשטעלט אויפן סאַמע מיטן טיש מיט אַזאַ ווירדע, ווי מען שטעלט אַוועק אַ געהויבענעם דרשה־געשאַנק פון אַ גאַר רייכן מחותן.

— דאָס, מיינע טייערע פריינט, — האָט ער ווייטער געזאָגט, — איז אַן אַלט פלעשל וויין, וואָס איך האָב עס בירושה פון מיין זיידן, עליו השלום, וועלכער האָט זיינער צייט באַקומען עס במתנה פון די אַלטע ראַדזיוווילס, מיט וועלכע מיין זיידע האָט געפירט די גרויסע געשעפטן. אויף וויפיל איך געדענק, האָט מיין זיידע דער־ציילט אַז דעמאָלט, ווען האָבן די ראַדזיוווילס באַקומען אַלס גע־שאַנק פון די שפּאַנישע קעלערן פון קאָרדאָוואַ פון איינעם אַ קאַר־דינאַל, וואָס האָט געלעבט אין 17־טן יאָר־הונדערט. און ווער ווייסט, צי שוין דעמאָלט איז דער וויין נישט אַלט געווען אַ פּאָר הונדערט יאָר. און ווען אַזאַ פלעשעלע וויין שטייט זיך אָפּ פּאַמעלעכל אַ

4—5 הונדערט יאָרלעך, מוז עס זיין אַ וויין, וואָס כ'מיין עפּעס... און איצט, צו דעם גרויסן יום־טוב פון מיין טייערן פריינט לייזער־אליה, וויל איך אוועקשענקען אַט דאָס פלעשעלע און זאָלן מיר טאַקע אַלע פאַרזוכן דעם טעם גן־עדן.

צו אַלעם ערשטן וועלן מיר געבן פאַרזוכן אַ גלעזעלע אונזער חתן־השמחה, דעם בעל־הבית אַליין. יעמוד!...

מען האָט אָנגעגאָסן אַ גלעזעלע דעם בעל־הבית. דער בעל־בית האָט דערלאַנגט אַ קליינעם זליוק, פאַרגלאָצט אַן אויגל, אויפגעהויבן אַ פינגער אין־דער־לופטן און זיך פאַרגאַנגען:

— אי, אי, אי! אַ בחור! אי, הפלא! דאָס איז דאָס ביסל וויין! זו תורה וזה שכרה! פּש, פּש, פּש!...

— און איצט — האָט דער לאָדזער רייזנדער אויסגערופן, ווי אַ גבאי, וואָס טיילט פסוקים פון „אתה הראית“ — איצט וועלן מיר אָנגיסן אַ גלעזעלע אונזער ליבן גאַסט דעם פאַן הענריק. אונזער פאַן הענריק גייט אַריין צו פּריצים, ער וועט אונז שוין זאָגן די אמתע מבינות.

פאַן הענריק, אַ סוחר מיט אַן אויסזען פון אַ פּוילישן שלאַכטשיץ, האָט אָנגעשטעלט דאָס גלעזל געגן דער שיין און געזאָגט:

— נו, יאָ, מען זעט גלייך, אַז עס איז נישט קיין געוויינלעכער וויין. דער קאָליר! אַט דער געבראָכענער רעגנבויגן־קאָליר ווייזט אונז, דאָס מיר האָבן פאַר זיך גאָר אַן אַלטן וויין, זאָ צו זאָגען — פּראַ־היסטאָרישן וויין.

ער האָט פאַרזוכט, באַלעקט זיך און שטאַרק זיך פאַסמאַקעוועט.

— און איצט — האָט דער רייזנדער ווייטער גערעדט — וועלן מיר אָנגיסן אַ גלעזעלע אונזער גאַסט סאַלאָמאָן קלאָץ. איר, פאַניע סאַלאָמאָן, זענט דאָך אַן אָפּטער אַריינגייער אין די וויין־קעלערלעך, — זאָגט זיי, אדרבה, וואָס דאָס איז פאַר אַ וויין.

הער סאַלאָמאָן האָט מיט גרויס פאַרזיכטיגקייט צוגעטראָגן דאָס גלעזעלע צום מויל, אַ לעק געטון מיט דער צונג, צעריבן עס אַן גומען און געזאָגט מיט געציילטע ווערטער:

— איר ווייסט, מיינע פריינט, — וואָס איך וועל אייך זאָגן?

דערדאָזיקער ווײַן דערמאָנט דעם אַלטן פּאָרטוגעזישן פּאָרטאָ, און אויב איר ווילט, איז עס גענוי ווי דער אַלט־פראַנצויזישער באָרדאָ און אפשר טאַקע דער סאַמע „שאַטאָ פּעליקאַנט" אָדער „שאַטאָ באַגאַטעל" פון די געגנדן פון קאַסטיליע, אָדער, לכל־הפּחות, פון די קאַרסיקווענער קעלערן, אויף דער אינזל ליסאַבאָן.

— און איצט ווילן מיר הערן, וואָס עס וועט זאָגן די פּרעסע. אָנו, פּאַניע קאָרעספּאָנדענט!

דער שרײַבער האָט אויסגעטרונקען דאָס גאַנצע גלעזל, געבעטן, מען זאָל אים אָנגיסן נאָך אַ גלעזל, מחמת פון איין גלעזל קאָן מען נישט באַשטימען דעם טעם. איבערקערנדיג דאָס צווייטע גלעזל, האָט דער צײַטונגס־שרײַבער געזאָגט:

— איך מיין, אַז עס איז אַ גוט ביסל ווײַן. פּונקט אַזאַ ווײַן האָב איך דאָ־נישט־לאַנג געטרונקען אויף אַ ראַאוט אין מלוכה־פּאַלאַץ, וואָס איז געגעבן געוואָרן לכבוד דעם אַפגאַניסטאַנישן קעניג אַמאַנולאַה. אויך דאָרט האָט מען אונז מכבד געווען מיט אָט אַזאַ ווײַן, וואָס האָט געשמעקט מיט הורות און מיט יאָר־הונדערטער, מען קאָן זאָגן, מיט דער רענעסאַנס־עפּאָכע.

דער בוכהאַלטער טעמקין האָט אַרײַנגעקערט אַ גלעזל און איז תיכף אַרײַנגעפאַלן אין גרויס התפּעלות:

— אָט דאָס הייסט אַ קאַפּעטשקע! אַי, אַי, אַי, ווי עס וואַרימט! טע, טע, טע!...

— איאָ, עס וואַרימט? — גיט־צו דער לאָדזער רייזנדער הייץ און פּינקלט מיט זײַנע יונגע אויגעלעך. — אַלץ הייסט, עס וואַרימט! עס צונעמט דאָך אַלע גלידער, בנאמנות!

— עס לאָזט זיך טרינקען? — כאַפּט־אונטער נאָך איינער.

— און נאָכ־עם קאָן מען זיך פון אָרט נישט אויפהויבן, כע, כע, כע, — זאָגט אַ צווייטער.

— עס איז נישט קיין ווײַן, נאָר אַ גנב!

— אַ ממזר פון אַ ווײַן!

— אָווא! אָווא!...

מען האָט געשמשמאָקעט מיט די צינגער, געריבן אין די דלאָ־ניעס, געמיניקעט, און געצאַכצעט, געשמעקט, און איינער דעם אַנדערן

האט געזוכט איבערצושטייגן מיט מבינות, התפעלות און עקסטאז.

ענדלעך, ווען די התפעלות איז געשטאנען אין דער לופט אזוי געדיכט, כאטש נעם און שנייד עס מיט א מעסער, האט פלוצלינג דער קליינער שמואליקל אויסגעשריגן אויפן קול:

— טאטע, גיב מיר אט דאס פאפירל, וואס איז אנגעקלעפט אונטער דער קויטיגער פלאש.

אלעמענס אויגן האבן א שאס געטון צום עטיקעטל, וואס איז, ווי פארגעסענערהייט, פארבליבן אנגעקלעפט אויפן דנא פון דער היסטארישער פלאש, און איינער האט תיכף איבערגעלייענט בקול רם:

„וויין־האנדל פון געברידער ראסעלבוראק עט זין, ווארשע, פראנ־צישקאנסקא 77“.

האט איר אמאל געזען די בארימטע קאמעדיע „רעוויזאר“? געדענקט איר די שטומע סצענע פון לעצטן אקט, ווען די אלע העלדן בלייבן שטיין איבערראשט און פארגאפיעט פון דער פלוצ־לינגער בשורה: „דער רעוויזאר פארט!“?

אט אזוי אומגעפער זענען די אלע געסט געבליבן זיצן געפלעגט און פריטשמעליעט. בלויז דער וואיאזשאר איז געלם געווארן.

# דער טונקעלער פאַרן ריכטער-טריבונאַל

## דאָס לעצטע וואָרט פון באַשולדיקטן

דעם 27 כסליו 1929 איז דער טונקעלער געשטאַנען פאַר אַ טריבונאַל פון קרימינאַל-ריכטער, ווי אַן אַנגעקלאַגטער אין דער-מאָרדן אַ מענטש.

דער באַשולדיגונגס-אַקט האָט געלויטעט: „דעם 13 יולי פון יאָר 1929 האָט דער טונקעלער, פאָרנדיג פון אָטוואָצק קיין וואַרשע, אָנגעכאַפּט אַ מענשן פאַרן גאָרגל און אַרויסגעוואָרפן אים דורכן פענסטער פון לויפנדיגן צוג. דער מענש איז אַרונטערגעפאַלן אונ-טער די רעדער. די רעדער האָבן דעם מענש אָפּגעשניטן דעם קאָפּ, פון וואָס דער מענש איז געשטאָרבן אויף טויט".

און אָט, וואָס דער טונקעלער האָט געזאָגט אין זיין לעצט וואָרט:

„הויכווירדיגער טריבונאַל!

איך האָב דערמאָרדעט אַ מענש. איך האָב אומגעבראַכט אַ לעבעדיג מענשלעך לעבן פון דער וועלט. יאָ, ס'איז אמת. איך בין אַ מערדער! איך בין באַגאַנגען אַ נישט-עטישע טאַט. אָבער צי בין איך אַ מערדער? אָ, ניין, ניין, ניין!!! (אזוי האָט דער טונ-קעלער געזאָגט — דריי מאָל „ניין"). איך בין דאָך אַזוי ווייט פון מערדערישע אינסטינקטן. צי פיהל איך דען נישט מיט אַלע מיינע חושים דעם הייליגן ווערט פון אַ מענשלעך לעבן, אפילו פון אַ פאַר-לענער? בין איך נישט דער ערשטער, וואָס אַנטלויפט מיט גרויס אימפעט פאַר אַן אַנקומענדיגן קוריער-צוג? איך, וואָס איך ציטער-

פאַר אַ צוקערנע־„באָמבע“ און האָב מורא צו עסן אַ שאָקאָלאַדאָוון רעוואָלווער, איך, וואָס ווען איך בין אַ יונג מיט אַ ביקס, וואָלט איך אַליין פאַר זיך מורא געהאַט; איך, וואָס איך האָס אַזוי בלוט, וואָס אַנטלויף, וואו דער פעפער וואַקסט, פאַר אַ בלוטיקן קרוב, אויב ער איז אַ בלוטיגער אַרימאַן, — איך האָב דערמאָרדעט אַ מענש! מיט מיינע צאַרטע, בלאַסע, בלוט־אָרעמע הענט האָב איך בלוט פאַרגאָסן!...

דער פּראָקוראָר האָט דאָ געזאָגט, אַז איך האָב געהרגעט נישט איין מענש, נאָר אַ גאַנצן טיפּ, אַ קאַטעגאָריע. יאָ, ס'איז אמת. איך האָב געהרגעט אַ מענש, וואָס זיין נאָמען איז לעגיאָן!...

איך האָב דערמאָרדעט איין מענש, אָבער אין זיין פּערזאָן האָב איך דערמאָרדעט אַ גאַנצן קלאַס חוצפּהדיגע נודניקעס, אומטאַקטיש־באַנאַלע באַשעפענישן. איך האָב דערהרגעט די פאַרקערפערונג פון בטול־פאַמיליאַרישע און קנעפּל־שבקנעפּלדיגע פאַרשוינען, וואָר דערקוטשען דעם אָרימען יידישן שרייבער ביזן ביין אַריין.

יאָ. דאָס איז געווען דער לעצטער טראָפּן, וואָס האָט אָנגעפילט די מאָס. און דאָן, אין יענער פאַטאַלער רגע, האָט מיין געדולד געפּלאַצט. און עס איז געשען דאָס, וואָס האָט באַדאַרפט געשען“.

דער טונקעלער האָט אַראָפּגעלאָזן זיין אוידעלן קאָפּ, פאַרבראָכן זיינע צאַרטע, באַטישעלי־פינגער, אַביסל געשוויגן און ווייטער גערעדט:

„יענער טאָג איז ביי מיר געווען אַ פאַטאַלער טאָג. אין יענעם טאָג האָט מיך דער פאַרשוין פאַרפאָלגט, פאַרפאָלגט, ווי אַ בייזער שאָטן.

אין יענעם טאָג בין איך אַנטלאָפן פון יענעם נודניק, און בין אַוועקגעפאָרן אין אַ הינטערשטאַטישן פענסיאָנאַט. נאָר שוין ביי מיין ערשטן אַריבערטרעטן די שוועל פון וואַגאָן, האָט ער מיך באַגעגנט, דערדאָזיקער פאַרשוין, און אַ זאָג געטון:

— העי, פאַניע טונקעלער, איר פאָרט שוין ווידער אויף דאַטשע צו קלויבן מאַטעריאַל צו באַשרייבן... עס וועט שוין ווידער זיין אַ קריטיקע... הע,

איך האָב געמאַכט האַרץ און געשוויגן. בין אַריבער אין אַ צווייטן וואַגאָן און מיט נסים דערפאָרן צו מיין דאַטשע־אָרט.

איך בין געגאַנגען מיט דער ברייטער אַלייע. אויף אַ באַנק איז געזעסן אַ פריילעכע קאָמפּאַניע, בחורים מיט מיידלעך. די בחורים האָבן דערציילט וויצן, און די מיידלעך האָבן קוויטשיג געלאַכט. און פּלוצלינג האָט איינער, אַ בחור, וואָס הייסט מאָניק, אויסגעשריגן:

— פּאַנאָוויע! אַסטראָזשניע! מאָרגן וועלן מיר זיין אויפן „קוריער".

— ניעך פּאַן מניע אָפּישע, — ווענדעט זיך צו מיר אַ מיידל, וואָס הייסט סאַלטשע.

— ניעך אָן לעפּיעי מ נ י ע אָפּישע; יאַ יעסטעם טשעקאַווי טיפּ! — זאָגט אַ בחור, וואָס הייסט מיעטשיסלאַוו.

— אָן נאָם ווּשיסטקיך אָפּישע! — כאַפּט־אונטער אַ מיידל, וואָס הייסט פראַנטשע.

— האָ, האָ, האָ!... האַ, האַ, האַ!...

איך האָב אַ קוק געטון. דאָס איז געזעסן י ע נ ע ר פּאַרשוין אין פאַרשידענע געשטאַלטן. איך האָב מיך געלאָזט לויפן און בין אַריינגעפאַלן אין פּענסיאָנאַט „די געלע פיש".

עס איז געווען מיטאָג־צייט. איך זעץ מיך צום טיש. נעבן מיר זיצט אַ יידל, וואָס זעט־אויס, ווי אַ געלער. ער איז זייער אויפגעלעגט, דאָס יידל. ער זיצט ביי אַ טעלער גענזנס. די בעקלעך פלאַמען.

— גאָספּאָדאַ! — זאָגט דער ייד, קייענדיק אַ גענזענע פּולקע. — מאָרגן וועט מען אונז אָפּיסעווען אין די גאַזעטן.

— כאַצאַפּ זאָל ער מיר ניסט אָפּיסעווען, — ענטפערט אים זיין ווייב, אַ שוואַרצע ליטווישע יידענע מיט אַ בערדל.

——באַסרייבט, באַסרייבט זי, פּאַניע טונקעלער, מיין ווייב!

איך האָב ווידער דערקענט יענעם פּאַרשוין. איך גיב זיך אַ רים פון טיש און גיי אַרויס אין דרויסן. איך שפּאַציר איבער אַן אָפּגעלעגטער סטעזשקע. איך רויכער האַסטיג, נערוועז. אַקעגן קומט־אָן אַן אינטעליגענטע פריילין, מחמת זי טראָגטברילן און אַ „וואָלני ווישאַרט".

איך באגרים זי, זי באגריסט מיך און זאגט:

— הי, זיי זענען שוין ווידער געקומען אונז צו באשרייבן. זי שרייבן ראמאנען אויך? שטעלן זי מיך אריין אין אינם ראמאן אלס „באהאטערקע“. מיינע באקאנטע זאגן, אז איך בין א וואמפיר.

יא, דאס איז ווידער יענער פארשוין. איצט איז ער אן אינ־טעליגענטע פריילין און טראגט ברילן. איך האב מיר געלאזן לויפן און פארלאפן אין א צוקערניע.

ביים צווייטן טישל זענען געזעסן דריי פארשוין ביי טיי מיט משאסטעס.

דער יונגערמאן ווענדעט זיך צו מיר פון צווייטן טישל:

— איר האט שוין עפעס אויסגעטראכט א גוט שטיקעלע אויף מארגן, הא? מיר וועלן שוין האבן מארגן צו לייענען.

— זאל אונז דער טונקעלער איבערלייענען איצט, וואס ער וועט מארגן דרוקן, וועט אונז זיין פארשפארט צו קויפן א צייטונג,— זאגט א גרויסע, מגושמדיגע דאמע, וואס איז געבויט ווי א קאזיאנע געבייידע מיט באלקאנען.

— וואס רעדט איר, פאני באלבינא, — ענטפערט איר א צווייטע דאר־הויכע דאמע, וואס איז אין קעגנזאץ געבויט, ווי א הימל־קראצער מיט פראמוגעס, — אז דער פאן טונקעלער וועט דיר יעצט איבערלייענען, וועסטו דאך מארגן נישט קויפן די צייטונג, טא פונוואנען וועט דער רעדאקטאר לעבן?

— טא לאמיר זיך צונויפלעגן און אפצאלן דעם טונקעלן פאר דער צייטונג, — כאפט־אונטער דער יונגערמאן.

דאס איז ער — מיין פארשוין. איך דערקען אים. איך לויף ארויס אויף דער גאס. עס פארהאלט מיך א ייד מיט צוויי צעקעמטע האלבע בערד, ווי ביי א מעל־קרעמער. ער גיט א פאטש אין פלייצע און זאגט:

— אך, א שאד! האב איך געהאט פאר אייך א שטיקעלע, הערט איר, טאקע נאר צו באשרייבן... שטייט נאר... ארויסגעלאפן פון קאפ... א שאד, וואס איר געפינט זיך נישט שטענדיג ביי מיר אונטער דער האנט. אפט פאלן מיר איין אזעלכע גוטע שטיקעלעך!... נאר איך פארגעס... דער קאפ איז פארדרייט... מען איז דאך נישט

אזעלכע לעדיג־גייער, ווי איר. שטייט נאָר... איך וועל מיך דער־מאָנען...

איך לאָז אים שטיין און לויף ווייטער. עס קומט מיר אנטקעגן א פליכעוואטער בויכיגער ייד מיט א גוידער און פירט אונטערן האַנט א נידעריגע דיקע יידענע, ווי אַן איבערגעבונדן קישן.

— אוי, אַרנאָלד, ער וועט אונז באַשרייבן! — זאָגט זי מיט א פּאָלצעט.

— און איך האָב נישט מורא,—זאָגט דער מאַן מיט א באַס.— אדרבה, האקט מיך אריין אין אייער בלאַט. האקט מיך אריין. איך האָב גאָט צו דאַנקען, געענדיגט מיין נאַדבוראָווקע אויף זשימנע 9. האקט מיך אריין אַמאָל און זאָלן לאַקאַטאָרן וויסן. און האקט אריין די לאַקאַטאָרן אויך. א פּאָהיבעל אויף זיי!

איך לויף צוריק אין פּענסיאָנאַט אריין.

אויפן שוועל פּאַרהאַלט מיך א יונגערמאַן מיט א פלײשיגער נאָז. ער גיט מיר א שטיפערישן קיצל אונטערן בויך און מאַכט:

— איך זע, עס איז מיר טונקל געוואָרן פאַר די אויגן. הי, הי, הי!... היינט וועט איר מוזן פריילעך מאַכן. היינט וועט איר אונז מוזן לייענען אייערע שמאָנצעס

— כ׳לעבן, אוודאי! אבי מיר האָבן געמיינט, אַז דער טונ־קעלער וועט זיין דאָ, וועט ער אונז פּראַווען די „קאָמעדיע". כ׳לעבן, דאָ איז אזוי נודנע. עס קאָסט 22 זלאָטעס א טאָג — און גאָרנישט!

איך האָב זיי געוואָלט וואַרפן עפּעס אין קאָפּ אריין, נאָר איך האָב אונטערן האַנט נישט געפונען קיין קליין קישעלע, האָב איך מיך איינגעהאַלטן און זיך געלאָזן לויפן צום באַן.

קיין טיי האָב איך נישט געטרונקען, קיין אָוונטברויט נישט געגעסן. איך האָב דערפיהלט א שטאַרקן דורשט, בין איך אויפן וועג אריינגעלאָפן אין א רעסטאַראַציע און געבעטן געבן מיר א גלאָז ביר.

— אוודאי טונקעלן ביר ווילט איר דאָך. וואָס? הי, הי, הי! — מאַכט דער קעלנער מיט א קלוג אויגל. — דער טונקעלער דאַרף טרינקען טונקעלן ביר. הע, הע, הע!

ער איז ווידער דאָ, דער פאַרשוין מיינער, איצט איז ער נאָר א קעלנער. איך האָב אים געוואָלט וואַרפן דאָס גלאָז ביר. נאָר איך האָב מורא געהאַט, עס זאָל אים נישט שאַטן, און כ'בין אַרויס־געלאָפן און געקומען צום באַן.

איך האָב מיר אַריינגעכאַפּט אין וואַגאָן, אין א באַזונדער קופּע. אין וואַגאָן איז געווען פינסטער. אינגאַנצן אָפּגעשלאָסן. פון ביידע זייטן זענען קיין טירן נישט געווען. איצט בין איך זיכער, מיין „פאַרשוין" וועט מיך דאָ נישט פאַרפאָלגן.

נאָך פּלוצלינג, אויף דער נאָענטסטער סטאַציע, רוקט זיך אַריין עפּעס א יידל אין א קליין היטעלע און מיט א שוואַרץ בערדל, קוקט־זיך־איין מיר אין פּנים און זאָגט:

— הי, הי, הי. איך זע פּאַראַוים, דאָ איז אַזוי טונקל — דער טונקעלער איז דאָ. וימש חושך... טונקל איז נישט העל, און העל איז נישט טונקל. דער טונקעלער דאַרף פאָרן אין א טונקעלן וואַגאָן, הי, הי, הי... מען דאַרף זיי באַשרייבן, די באַן־אַדמיניסטראַציע. זיי זאָלן געבן ליכט... שטעלט זיי, פאַניע טונקעלער, אַרויף אויפן בלאַט... זאָל טאַקע זיין אורות מאופל אמר ויהי... עס איז מיר באַשערט צו האָבן א פריילעכן וועג... הע, הע, הע... איר זעט, איר זאָגט גאָרנישט און איך לאַך שוין... זאָגט עפּעס, כ'לעבן... נאָר מאַכט נישט פון מיר קיין חוזק. נאָר באַשרייבט מיך נישט; און טאָמער וועט איר מיך באַשרייבן, באַדאַרפט איר מיר צאָלן א העלפט האָנאָ־ראַר. הי, הי, הי!...

דאָס איז ער, אין דער פינסטער האָב איך אים דערקענט. דאָס איז ער! איך ווייס נישט, פון וואַנען האָבן זיך צו מיר גענומען בחות. איך האָב אָנגעכאַפּט מיין פאַרשוין פאַרן גאָרגל און אַרויס־געוואָרפן דורכן פענסטער..."

---

דער טונקעלער איז אַנטשוויגן געוואָרן. עס איז געווען קענ־טיג, אַז א ים לייד און פאַרצווייפלונג האָט געפייניגט זיין ריינע נשמה.

אין זאל האט זיך געהערט א שטיל כליפע יי. דער פראקוראר און אפילו די פאליציאנטן האבן געווישט די אויגן.

און דער טונקעלער פארענדיגט:

„מיינע הערן, איך האב דערמארדעט א מענש, יענעם „מענש" האב איך דערמארדעט. איצט טוט מיט מיר, וואס איר ווילט. מיין גורל איז אין אייערע הענט... איך האב געענדיגט"

— — — — — — — — —

דער טריבונאל האט אים פריינעשפראכן.

# גנבה, גנבה איבעראַלעס!

(אַ הימן)

וואו אַ פאָלק און אַ מדינה,
וואו אַ חברה און אַ גמינע,
אַ סאַלאָן, צי אַ מלונה —
גנבה!

אין די אמטן, אין די ביוראָס,
אויף די בוידעמס און קאַנורעס,
צרות צרורות פון די שצורעס —
גנבה!

גנבעט סטאַשעק,
גנבעט חיים,
גנבעט יאַנעק
און אפרים...
אַך, די קלעפּיגע
ידים!
ס׳איז אַ גזרה
מן השמים —
און איך גנבע,
און דו גנבעסט,
און ער גנבעט,
און זי גנבעט —
גנבה!

פינאַנסיסטן און באַנקירער,
פערדער־שמירער, רעדל־פירער,
רעוואָדירער און קאַסירער —
גנבה!

וואָו אַ גבאי, אַ בעל־טובֿה,
צי אַ מלווה, צי אַ לווה,
צי אַ זכר, אַ נקבֿה, —
גנבה!

גנבעט זאָשע,
גנבעט ביילע,
גנבעט וואַנדע,
גנבעט קיילע,
פֿון דער פּושקע,
פֿון פּאַטשיילע,
אַז עס גנבעט זיך
במילא...
און איך גנבע,
און דו גנבעסט,
און ער גנבעט,
און זי גנבעט, —
גנבה!

און די חבֿרות און פּאַרטייען,
אויף די באַנען און טראַמוואַיען,
ביי די קאַסעס, אין די רייען, —
גנבה!

רעכטע, לינקע, פֿרייע, פֿרומע,
רוקנס גלייכע, רוקנס קרומע,
צי מיט קדושה, צי מיט טומאה, —
גנבה!

דעפּוטאַטן, דיפּלאָמאַטן,
דעמאָקראַטן, קאָנסולאַטן,
זאָל אַ רוח אין זייער טאַטן —
גנבה!

גנבעט זיגמונד,
גנבעט ניסעל,
גנבעט וואַצלאַוו,
גנבעט זיסעל,
ווער אַ סך,
און ווער אַ ביסל...
אַלע פון דער
קהל'שער שיסל,
און דו גנבעסט,
און ער גנבעט,
און איך גנבע,
און זי גנבעט —
גנבה!

# ווייבער קענען שווייגן

## אַ סצענע אין איין אַקט)

**פּאַרשוינען:**

מנשה.

ציפּע — זיין ווייב.

א שטילער ווינקל אין א ווילע אויף א דאטשע־ארט. פרייטאג־צו־נאכטס; פונדערווייטנס, צווישן די בוימער, זעט זיך א שטיקל הויז מיט באלויכטענע פענסטער. אן אויסגעשטערנטער, ריינער הימל. פולע לבנה. קיין פיצל ווינט. די בוימער טונקלען זיך שטיל און זאפטיק. א באנק. עס קומט מנשה, א פארחושכט יידל, א גאלאנטע־ריי־קרעמער פון די נאלעווקעס, נאר־וואס אפגעגעסן וועטשערע. קוקט־זיך־ארום; שמעקט די לופט.

מנשה: אַ־אַ! אַ מחיה! עס שמעקט... אזוי שטיל, אזוי רואיק... וואזשנע!.. מ'עט זיך דאַ כאַפּן טאַקע אַ רו־אַפּעט... ט'מען כאַפּן... ס'פּאַסט צו זאָגן... אַ גאַנצע וואָך איז מען דאַך, ווי דער רשע אין גיהנום... וועקסלען, פּאַראַטקעס, „זאַיענטשעס" מיט צאָלונגען... צרות ווי האָלץ. ט'מען רוען, אַ פּאָר מינוט ט'מען... (זעצט זיך אוועק און איז זיך מכין צו רוען). מיין ציפּה זאָל נור נישט אַרויסקומען... כאָטש פינף מינוט זאָל זי מיך לאָזן אליין... (פּויזע). זי איז אַ פּאַ־עטניצע, מיין ווייב ציפּה. זי האָט „נאַפּאַדן" פון פּאָעזיע... זי איז אַ יענטעליגענטקע... פּאַרנעמט זיך מיט וואָלקענעס און כמאַרעס... אין אַזאַ נאַכט מיט אַזאַ נאַטור, — ווער ווייסט, וואָס פאַר „אַ נאַפּאַד" זי קאָן נאָך קריגן... ס'קאָצל קומט! זי איז דאָ...

ציפּה (באַווייזט זיך, קוקט זיך אַרום, רעדט פאַרחלומט):

וואָס פאַר אַ געטלעכע נאַטור... וואָס פאַר אַן אַנטציקנדע „פּשוּ־ רעדע"...

מנשה (פאַר זיך): עס האָט מיך שוין געטראָפן.

ציפּה: אין אַזאַ נאַכט איז דאָך אַזוי גוט צו זיצן אויף דער שוים פון דער נאַטור און שווייגן, שווייגן... אַ יאָ, מנשהניו־לעבן?

מנשה: געוויס, טייבעלע מיינס, שווייגן...

ציפּה: זעסטו, מנשהניו, דו זאָגסט אויך דאָסזעלבע: שווייגן. אין אַזאַ אָוונט איז נאָר גוט צו שווייגן און שמעקן די מעלאַנכאָלישע נאַטור, חלומען און שווייגן. אַ יאָ, דו ביזט מיט מיר איינשטימיג?

מנשה: געוויס, טייבעלע מיינס. געוויס, ציפּהניו קרוין. נאָר שווייגן...

ציפּה: זעסטו שוין, אַז דיין ווייבעלע איז נישט אַבי וועד. דיין ווייבעלע איז געגליכן צו אַ צאַרטער מאַנדאָלינע מיט סטרונעס; זי פאַרשטייט, אַז אין אַזאַ אָוונט באַדאַרף מען שווייגן... ווי זאָגט מיין באַקאַנטער פּאָעט כאַטשעדרייקין: „די שטערן רעדן איי־ נער צום אַנדערן און שווייגן. די ביימער רוישן און שווייגן, די זשאַבעס קוואַקען און שווייגן, די הינט בילן און שווייגן, די פערד הירזשען און שווייגן", טאָ באַדאַרפן דאָך מיר, מענשן, אודאי שווייגן. נישט אַזוי?

מנשה: געוויס, טייערינקע מיינע. שווייגן, נאָר שווייגן. שווייג טאַקע אַ ביסעלע... שווייג.

ציפּה: איך שווייג דאָך. וואָדען? איך ווען אפשר רעדן, אין אַזאַ מעלאַנכאָלישער זומער־לאַנדסמאַנשאַפט? געלויבט צו גאָט, דו האָסט אַ ווייבעלע, וואָס וואו דו זאָלסט זי נישט אָנרירן, קלינגט ביי איר אַ פּאָעטישע סטרונקע. קאָנסט זיך אויף איר פאַרלאָזן. זי פיהלט־מיט איר מעלאַנכאָליע; אַז מען דאַרף שווייגן, שווייגט זי... מעגסט דאַנקען גאָט, וואָס ער האָט דיר צוגעשיקט אַזאַ ווייב, וואָס שווייגט. אַן אַנדער ווייב וואָלט דיר איצט אָנגערעדט אַ פולן קאָפּ, וועגן טואַלעטן, וועגן קליידער מיט מערעזשקעס, מיט דזשאַמפּערס, מיט קרינאָלינעס, אָדער זי וואָלט דיר דערציילט פּליאָטקעס וועגן אונזער שכנה פאַני קלעקמאַן, וואָס ווערט פאַרפאַלן אַלע ווילע מיט דעם אידיאָט טאַנץ־פּיסל אין וואַלד... זי זאָגט...

מנשה: גוט! אָבער שווייג; אדרבה, דו זאָגסט, אז דו שווייגסט — און דו טאַראַקאַטשעסט, ווי אַ גאַנז.

ציפה: ווער, איך? טאַראַקאַטשע, ווי אַ גאַנז? אוי, קרויגעלעך מיינע! סך־הכל ביזטו דאָך איינשטימיג מיט מיר: איך זאָג, אז אין אזא אָוונט באַדאַרף מען שווייגן, און דו זאָגסט אויך, אז אין אזא אָוונט באַדאַרף מען צו שווייגן, דאָס הייסט, מיר ביידע זאָגן, אז מען דאַרף שווייגן; טאָ הערשט דאָך צווישן אונז די גאַנצע פילהאַרמאָניע און פאַמיליען־גליק, טאָ וואָס־זשע רעדסטו?

מנשה: איך רעד נישט. דו רעדסט!

ציפה: ווער רעדט? איך רעד?

מנשה: ניין. איך רעד?

ציפה: אוי, קרויגעלעך מיינע! איך רעד! איך וועל רעדן אין אזא מעלאַנכאָלישער נאַטור־וויסנשאַפט! סך־הכל בין איך געווען די ערשטע, וואָס האָט אַרויסגעזאָגט דעם פּאָעטישן געדאַנק, אז אין אזא אָוונט באַדאַרף מען צו שווייגן, שמעקן די אַטמאָספער מיט דעם קלימאַט און שווייגן... אדרבה, זאָג דו שוין אליין, ווער האָט דער ערשטער געזאָגט, אז מען דאַרף שווייגן? איך, צי דו?

מנשה: דו, דו. אָבער ווער שוין אַביסל אַנטשוויגן, נעם־איין אַ ביסעלע שטומעניש.

ציפה: נעם דו איין שטומעניש! האָבט געהערט אַביסל? דו ביזט אַ כאַם! אַ גראָבע בריאה. ביי דיר איז רעכט צו רעדן אין אזא מעלאַנכאָלישן אָוונט און צושטערן די געטלעכע אידיליע... אומגליקלעכע פרוי, וואָס איך בין! איך, אַ צאַרטע וועזן, באַדאַרף איינשטיין ביי אַ מאַן אזא כאַם, אַן אויסוואורף, וואָס האָט נישט קיין ברעקל סטרונע פאַר אַן אידיליע... הלואי וואָלט איך בעסער חתונה געהאַט מיט מיין באַקאַנטן פּאָעט כאַטשעדרייקין, וואָלט איך אַ סך גליקלעכער געווען. ער האָט דאָך מיך געליבט מיט דער ליבע פון קאַנוואָלסיע! „אַ ספינקס“, „אַ ספינקס“, — האָט ער געזאָגט, — בין איך. דו ווייסט דאָך אפילו נישט, וואָס דאָס איז „אַ ספינקס“...

מנשה: פאַרוואָס זאָל איך נישט וויסן? דאָס איז, דוכט זיך, אַ מאַרקע פון הויזן־קנעפּלעך, צי פון שעלקעס.

צ י פ ה: הויזן־קנעפלעך! מער ווייסטו נישט. ספינסק — דאס איז א רעטעניש, א געהיימניש... איך בין א סוד! פאר־שטייסט?...

מ נ ש ה: ווער? דו, הייסט עס, קענסט האלטן א סוד?! נו, געווים, א יידענע מיט א סוד!

צ י פ ה: און נאך האט ער מיך גערופן: „פעריפעריע". נישט אנדערש, ווי א „פעריפעריע", — זאגט ער, — בין איך. אויף די הענט וואלט ער דאך מיך געטראגן. אויף דער שוים פון די האריי־זאנטן וואלט איך מיט אים געשוועבט... (וויינט).

מ נ ש ה: הער שוין אויף, בהמה דו! וואס האסטו זיך צו־פלאנכעט, דו „פעריפעריע", ווי דו הייסט דארטן...

צ י פ ה: ווי זאל איך נישט וויינען, אז גאט האט מיר צוגע־שיקט א מאן א געשפענסט, אן א ווידער־קול, א מענש אן א ברעקל סטרונע. א קרעמער. וואס ווייסט נישט מער, ווי זיינע העמדער, סקארפעטן און וועקסלען... וואס ווייסט אפילו נישט, ווי מען מאכט אן אידיליע.

מ נ ש ה: פע, דו רעדסט שוין געמיינע רייד... מיר האבן נאך אזא לאנגע נאכט...

צ י פ ה: נישט קיין געמיינע רייד. אידיליע איז א פאעטישע זאך. א מעלאנכאלישע זאך.

מ נ ש ה: וואס פאר אן אידיליע, שמיליע! פון וואנען זאל איך ווייסן, ווי מען מאכט אן אידיליע? גענוג, אז איך מאך מיט דער נשמה, מאך איך א גאנצע וואך... שא, אדרבה, זאג מיר, ווי מאכט מען אן אידיליע, וועל איך מאכן... לאמיך פרווון, אדרבה... נו, ווייז, ווי?

צ י פ ה (נאך אלץ פארוויינט): אט אזוי א זעץ זיך. לען־זיך־צו אן מיר... טוליע־זיך־צו צו מיר, אט אזוי א... נו, איצט קוק אויף דער לבנה. און זיפץ.

מ נ ש ה: (זיפצט).

צ י פ ה: נו, און איצט נעם־אן מעלאנכאליע אויפן פנים און זאג...

מ נ ש ה: כהא לחמא עניא...

ציפה: וואָס פאַר אַ הגדה אויף דיין קאָפּ ... זאָג, וואָס איך זאָג: די בלאַסע לבנה, זי קיצלט די פאַרחלומטע וואָלקענעס...

מנשה: די בלאַסע לבנה, זי קיצלט די פאַרחלומטע וואָלקענעס אונטערן פּאַכווע...

ציפה: איך זופּ דעם זיס פון דעם הימל־געצעלט...

מנשה: וואָס זופּסטו!... הער נאָר אַ מאכל. —

ציפה: זאָלן אונזערע הערצער קלאַפּן מיט מעלאַנכאָליע פון לבנה־בלאַסקייט און שווייגן.

מנשה: אָבער אַ סוף זאָל עס נעמען! שווייגן! שווייגן! רעדט פון שווייגן — און האַלט אין איין רעדן!... — פאַרמאַך דיין פאַנטאַן מיט דיינע פּאָעזיעס, פעריפעריע, ספּינסק, קאָנטראַבאַס! מאַנדאָלינע מיט סטרונעס.

ציפה: אַ מכה! אַ קרענק! דו ווילסט נישט אַנדערש נאָר מיך פּראָוואָצירן, איך זאָל רעדן, וויל איך דווקא נישט! דו ווילסט, אַז ביי דיין ווייב זאָלן פּלאַצן אירע מעלאַנכאָלישע סטרונקעס און זי זאָל רעדן. — דווקא נישט! — איך וועל איינהאַלטן מיין אָטעם־צוג און וועל שווייגן!... פּגר! נעם־איין אַ מיתה־משונה, אָבער איך וועל שווייגן. די נכפּה וועסטו באַקומען, אָבער איך וועל שווייגן! — דיר אויף צולעצעניש! דיר אויף צופּיקעניש, וועל איך שווייגן! שווייגן, שווייגן און שווייגן!!... ווי זינגט מיין טייערער פּאָעט באַטשעהרייקין:

(דעקלאַמירט פּאָעטיש, צוערשט שטילער, שטיל, נאָכדעם אַלץ שטורמישער און שטורמישער):

עס ליגט זיך די וועלט אינם דרויזי
אין דרימל און רו,
עס פלינדערן, בלינדערן שטערן,
מען ווייסט נישט אַוואו.
עס קוקט די לבנה פאַריאַכמערט
אַהערצו־צו־צו.
מען הערט נישט פון בלימל קיין הירושען,
קיין „נו“ און קיין „טפּרו“,
קיין „מיו“ און קיין „הו“ און קיין „טפּרו“.

און קיין „טפרו“ און קיין „נו“ און קיין „בו“...

מנשה (אויפגעבראכט): הו! נו! טפרו! געוואלד!... יידן! ראטעוועט! רא—טע—וועט! גע—ווא—אלד!...

(עס קומען צולויפן פון אלע זייטן סטרוזשעס מיט בעזימער, ראטשניקעס מיט שטעקנס, פייערלעשער; א מהומה, קולות):

— וואו ברענט?!

— ווער ברענט?!

— באנדיטן?!

— וואו באנדיטן?!

— וואו? וואס? ווער? הא?

(א סומאטאכע. — פארהאנג.)

# דער פרומער רעדאַקטאָר, זיין טרייער סעקרעטאַר און דאס רעאַגירטע ליד

אין רעדאַקציע פון „פּאָפּוליאַטער קאַפּעליוש“ איז אָנגעקומען א ליד פון דיכטער ביבולקע. דאָס איז געווען א שטימונגס־ליד, וואָס האָט זיך געלייענט אזוי:

## אין אָוונט־שיין

געדענקסטו, גאָלדן מיידל מיין,
ווי מיר געטוליעט זענען שטיל
געזעסן זיך ביים אַלטן מיל,
אין טונקעל־ראָזן אָוונט־שיין
געקושט האָב איך דאן הייס און לאַנג
די אויגן דיינע צוויי,
און עפּעס האָט גענאָגט א וויי,
און עפּעס איז געווען באַנג...
געקלונגען האָט דער אָוונט־גלאָק
זיין אָוונט־תפילה לאַנגזאַם, מיד,
און איך געשעפּטשעט האָב דיר שטיל,
מיט בענקשאַפט פול, מיין לעבנס־ליד.
דו האָסט געקלאַמערט צו מיין ברוסט
זיך זינדיג הייס.
און איך געטוליעט האָב מיין קאָפּ
ביי דיר אין שויס.

* * *

דער שעף־רעדאַקטאָר איז אין רעדאַקציע דאַמאָלס גראָד נישט געווען. דער סעקרעטאַר, הערר פּראָפּנציער, האָט איבערגעלייענט דאָס ליד, און אַ טיפע זאָרג האָט ארומגעכאַפּט זיין גאַנץ וועזן. ער האָט נאָכאַמאָל איבערגעלייענט דאָס ליד, און ווידער אַמאָל — און ענדלעך, אַ פאַרצווייפלטער, אַ פאַרלוירענער און אַן אומגליקלעכער, אַ באַפּ געטון דאָס טעלעפאָן־רערל און אָנגעקלונגען:

— האַלאָ! צענטראַלע? ביטע 78-23! האַלאָ! איז דאָס נומער 78-23? ביטע צו בעטן דעם רעדאַקטאָר! האַלאָ! דאָס זענט איר, רעדאַקטאָר? דאָס רעד איך, אייער סעקרעטאַר פאָן פּראָפּנציער. ס'איז דאָ אַ ליד!

— וואָס? איך הער נישט.

— אַ ליד! אַ געדיכט פאַר אונזער צייטונג „דער פּאָפּוליאַטער קאָפּעליוש".

— אַ ליד? ס'אַר'אַ ליד?

— אַ ליד. אַ פּאָעזיע־ליד פון פּאָעט ביבולקע.

— וועגן שטייערן?

— ניין.

— וועגן חמשה־עשר בשבט?

— ניין.

— וועגן דער גמילת־חסדים־קאַסע אין פּוליאַווע?

— ניין.

— טאָ וואָס פאַר אַ ליד?

— אַ ליד וועגן אַ ליבע.

— ליבע גאָר!... וואָס פאַר אַ ליובקע? ..

— אַ ליבע צווישן אַ בחור מיט אַ מיידל.

— פע! נישט דרוקן!

— אָבער, הער רעדאַקטאָר, דער פּאַסקודניאַק האָט שוין אָבער געכאַפּט צוויי אַוואַנסן. מען מוז אים אָפּדרוקן.

— טאָ זאָל מען אים אָפּדרוקן, דעם אַוואַנסן־כאַפּער, אַז פאַרבאַפּט זאָל ער ווערן! נאָר מען מוז דאָס ליד אביסעלע רעדאַגירן, פאַראַווען.

— ער וועט דאָך זיין בייז, דער פּאַסקודניאַק. ער איז דאָך

משוגענער. אז מען פאַרריכט זיינס אַ לידל, מאַכט ער גוואַלט, ווי מען וואָלט אים געקוילעט די קאַפּאַטע..

— אַ קליין־ביסעלע וועלן מיר אים פאַרריכטן. ס'שאַדט נישט. נישט קיין סך. וואָס זענען מיר — באַנדערס? מיר פאַרשטייען זיך אויך אויף פּאָעזיע. נו, לייענט מיר איבער.

— דורכן טעלעפאָן?

— יאָ, דורכן טעלעפאָן. נאָר דייטלעך, וויראַזשנע! וואָרט ביי וואָרט.

— גוט, הערר רעדאַקטאָר, איך לייען. „אונטשיין"...

— וואָס? איך הער נישט.

— „אונטשיין". דאָס איז אַ קאָפּ אַזאַ צום ליד.

— ער מוז אוודאי מיינען פאַרנאַכטלעך, בין־השמשות. טאָ שרייבט־צו אין קלאַמערן „בין מנחה למעריב"! אויפגעשריבן? לעזט ווייטער.

— איצט הייבט־זיך־אָן דאָס ליד גופא. „געדענקסטו, גאָלדן מיידל מיין"...

— וואָס מיידל?

— „גאָלדן מיידל".

— ווער זאָגט עס?

— דער בחור זאָגט עס.

— וואָס טוט דער בחור

— ער טוט גאָרנישט. ער זאָגט.

— וואָס זאָגט ער?

— „גאָלדן מיידל מיין".

— מעקט אויס. שרייבט בעסער „כלה". וואָס פאַר אַ פּנים האָט עס — מיידל־שמיידל!... און אפשר זאָלן מיר אינגאַנצן פאַרבייטן די נקבה אויף אַ זכר! שרייבט „שוואָגער". „גאָלדן שוואָגער מיין"... אויפגעשריבן?

— יאָ.

— און גיט־צו „נפתלי". זאָל ער הייסן נפתלי, דער שוואָגער. קלינגענדער נאָמען... אויפגעשריבן?... לעזט ווייטער.

— „ווי מיר געטוליעט"..

— בעטוּליעט — וואָס? וואָס הייסט געטוּליעט? ווער צו וועמען האָט זיך געטוּליעט? אַ שוואָגער מיט אַ שוואָגער זאָלן זיך טוּליען? חלשות! מעקט־אויס.

— וואָס דען־זשע זאָלן זיי טאָן?

— שרייבט „זיי זענען געזעסן"; מאַטשקאַ־זאַפּיטאַיאַ... ווייטער.

— „געזעסן אין אוּנטער־קיל ביים אַלטן מיל"...

— קיין אַנדער אָרט האָבן זיי שוין נישט געפונען וואו צו זיצן? און וועלכער משוגענער זיצט עס אין אוּנטער־קיל ביי אַן אַלטער מיל? מען קאָן האָך נאָך, חלילה וחס, כאַפּן אַ פאַרקילונג, אַ קדחת.

— טאָ וואו דען זאָלן זיי זיצן?

— זאָלן זיי זיצן אויפן סמאַטשע־סק... אויפגעשריבן? מאַטשקאַ־זאַפּיטאַיאַ... ווייטער.

— „איך האָב געקושט"...

— וואַרטס נאָר. ווער געקושט? און וואו געקושט?

— „אין דיינע אויגן".

— אין די אויגן גאָר? פּע, חלשות! וואָס וועלן עפּעס פּלוצלונג צוויי שוואָגערס זיך אוועקזעצן־קוּצעניו־מוּצעניו אויף סמאַטשע־סקווער און פראַנק־און־פריי זיך נעמען שמאַצקען?

— ווי־דען־זשע זאָל איך דאָ שרייבן?

— שרייבט, אַז זיי האָבן געקושט די מזוזה.

— וואו האָט איר דאָ אויף סמאַטשע־סקווער מזוזות.

— טאָ זאָלן זיי מחדש זיין די לבנה... ווייטער.

— „געקלונגען האָט דער קלויסטער־גלאָק"...

— וואָס „גלאָק"?

— דער „קלויסטער־גלאָק"...

— וואָס טוט דער קלויסטער־גלאָק?

— וואָס זאָל טאָן אַ קלויסטער־גלאָק? ער קלינגט.

— מעקט־אויס. ווי קומט אַ קלויסטער־גלאָק אין „פּאָפּוליאַר קאַפּעליוש"?

— וואָס־דען־זשע זאָל קלינגען?

— נעמט בעסער א יידישע זאך... לאמיר זאגן... מען האט געבלאזן שופר. עס האט געגראגערט דער גראגער. ס'איז יידישלעך.

— אבער, פאניע רעדאקטארזשע, עס איז דאך נישט אום פורים און נישט אום ראש־השנה — עס איז דאך אין א פשוטן פראסטן מיטוואך־פארנאכט.

— טא ווייסט איר וואס? שרייבט, אז עס האט געקלונגען דאס גלעקל פון פענסיאנאט און גערופן צו מיטאג. מנאגאטאטשיע... דריי פינטעלעך.

— עס איז דאך פארנאכט!

— טא זאל זיין צו קאלאציע, און שרייבט־צו אין קלאמערן „וויעטשערע". — אויפגעשריבן?... טאטשקא־זאפיטאיא... ווייטער. יא, מחשבותן, אז איר דערמאנט שוין א „פענסיאנאט", טא גיט־צו „פענסיאנאט ווענעציא", פון לייבע זאלקינד, און זאל זאלקינד האבן א שאנס, און שרייבט־צו די גאס — ציגל־גאס נומער 17.

— עס איז דאך נישט צום גראם? פארגעסט נישט, אז דאס ליד איז געשריבן אין גראמען, און דער פאסקודניאק, דער דיכטער, איז קאפאבעל הרגענען א טאטן פאר א גראם.

— גראם־שטראם, א גרויס אומגליק! מעג זיין אן גראמען, לאמיר זאגן — ווייסע פערזן... ווייטער!

— „געקלאמערט זיך צום ברוסט"...

— וואס ברוסט? נאכאמאל!

— ברוסט...

— וואס האט מען געטאן מיט דער ברוסט?

— מען האט זיך געקלאמערט.

— ווער צו וועמען?

— נישט קענטיג.

— מסתמא ער צו איר ברוסט. דער פאסקודניאק! מעקט אויס — חלשות!...

— וואס־דען־זשע זאל איך שרייבן?

— שרייבט, אז מען האט דערלאנגט צו וועטשערע ברוסט־בראטן. ברוסט־בראטן אין „גענזנפיסלעך". אויפגעשריבן?

— אויפגעשריבן.

— און גיט־צו אין קלאַמערן „אַ מאכל אזא". צוגעגעבן?
— צוגעגעבן.
— און גיט־צו „מיט אַן אונגערקע": וועט מען נישט חושד זיין, אַז דאָס איז ברוסט פון אַ נקבה, נאָר אַ ברוסט־בראַטן. טאַטשקאַ־זאַפּיטאַיאַ. נו, און איצט גענוג. איר קאָנט שוין פאַרענדיקן די פּאָס־קודסטווע. איבעריקנס, פאַראַן נאָך?
— פאַראַן.
— עפּעס פּעטס?
— דאַכט זיך, פּעטס.
— טאַ לייענט אויף טשיקאַוואָסט.
— „און איך בעלעגט מיין קאָפּ ביי דיר אין שויס"...
— וועד אין וועמענס שויס?
— אויב איך האָב נישט קיין טעות, פּאַניע רעדאַקטאָר, איז דאָס זי אין זיין שויס.
— און איך בין זיך משער, אַז ער — אין איר שויס. דאָס לעגט זיך מער אויפן שויס... מיין איך שכל. נאָר מעקט אוים... פּאַסקודסטוואַ. און ענדיקט, וואו איך האָב אייך געהייסן, און שרייבט־אונטער אַ באַמערקונג פון דער רעדאַקציע, אַז מיר דרוקן דאָס ליד אויפן סמך פון פרייער דיסקוסיע. און מער זאָל מען אים נישט געבן קיין אוואַנסן, דעם לאַכודרע!

---

אויף צומאָרגנס איז אין דער צייטונג „דער פּאָפּוליאַטער קאָ־פּעליוש" אָפּגעדרוקט געוואָרן דאָס פאָלגנדע ליד:

**אָוונט־שיין, אין קלאַמערן בין מנחה למעריב, אָדער בין־השמשות**

**פּ אָ ע ט י ש ל י ד.**

נעדענקסטו, גאָלדענער שוואַגער נפתלי,
ווי מיר געזעסן זענען
אויף סמאָטשע־סקווער,
בעקושט די לבנה

און מקדש געווען די מזוזות.
טאַטשקאַ־זאַפּיטאַיאַ.
געקלונגען האָט דאָס גלעקל
פון „האָטעל ווענעציע“
ציגלגאַס נומער 17,
פון לייבע זאַלקינד,
און גערופן צו קאַלאַציע (וועטשערע),
מען האָט דערלאַנג ברוסט־בראַטן,
אַ מאכל אַזאַ אין געזענע פּיסלעך,
מיט אַן אוגערקע און מנאַגאַטאַטשיש
און מיר האָבן זיך געקלאַמערט
און געמאַכט ברוסט־בראַטן,
אין געזענע פּיסלעך,
מיט אַן אוגערקע,
זאַטשקאַ־זאַפּיטאַיאַ...

**אַנמערקונג פון דער רעדאַקציע: מיר דרוקן דאַסראַזיקע ליד אויפן סמך פון פרייער דיסקוסיע.**

# תחתונים למעלה ועליונים למטה
## אָדער די מאַכט פון געלט

### אַ וואַרשעווער ראָמאַן פון די שלעכטע צייטן אין פוילן

---

### קליינע הקדמה

דער לעצטער שווערער קריזיס האָט, ווי באַוואוסט, אָנגעמאַכט אַ חורבן אויף אַלע געביטן פון עקאָנאָמישן לעבן. גרויסע סוחרים און פינאַנסיסטן ליגן ארצה. בלויז איין קלאַס איז יעצט נתעלה געוואָרן, און דאָס איז: דער שרייבער און צייטונגס־מענש. ער איז יעצט אין די גרויסע פעדערן. פאַרוואָס דאָס איז אַזוי ווייסט מען נישט. עקאָנאָמיקער זאָגן, אַז אין אַ שלעכטער און ביטערער צייט פון קריזיס און קראַך לייזט מען אַמערסטן פאַר סיגאַרעטן, בראָנפן און צייטונגען; מסתמא עס איז נישטאָ, וואָס צו טון — טוט מען און מען טרינקט און מען רויכערט און מען לייענט צייטונגען. און נאָך אַזעלכע מיאוסע זאַכן. נאָר ווי עס זאָל נישט זיין — איז חוקא אין אַזאַ צייט דער שרייבער אויפן פערד! און אָט אויף דעם גרונט פון דעראָזיקער געשאַפענער עקאָנאָמישער לאַגע איז געגרינדעט געוואָרן דעראָזיקער ראָמאַן, וואָס מיר גייען אייך יעצט צו שרייבן.

### דער ראָמאַן גופא

געווען איז עס אַזוי: די טאָכטער פון טריקאָטאַזש־, גומי־ און לעדער־פאַבריקאַנט זיגמונד פופקאָ האָט זיך איינגעליבט אין דעם גרויס־אינדוסטריעלער און פינאַנץ־ראַט, פרעזעס פון „צאַרעס־ראַ־בים“־אַקציען־געזעלשאַפט און גענעראַל־דירעקטאָר פון ווינד־און ווינדזעווער מאַנופאַקטור.

צוליב דעמדאזיקן געשעעניש האט זיך אין דער פאמיליע פונ־קא געטון חושך.

דער פאטער האט געשפרייזט ארום עס־טיש אין זיין מארגנ־באלאט, פארלעגט די הענט אויף הינטן, געביסן די ליפן און גע־רעדט אין בייזן גרימצארן:

— היה לא תהיה! אזא זאך איז נישט געהערט געווארן זינט די וועלט שטייט! אזא הפקרות, אזא צולאזנקייט! א טאכטער זאל גאר גיין קעגן טאטע־מאמע! א ליובקע ווילט זיך איר פירן, און מיט וועמען — מיט עפעס א פאבריקאנט, א פרעזעס פון אן איק־ציע־געזעלשאפט... וואס זאגסטו, הא, כיענע? — האט ער זיך געווענדט צום ווייב, בלייבנדיק שטיין קעגן איר מיט פארלעגטע הענט, אויסשטעלנדיק דעם בויך, ווי דארט וואלט געווען אויסגע־מאלט א גרויסער פראגע־צייכן. — הא? א שענע טאכטער האסטו מיר אויסגעהאדעוועט!

— איך האב אויסגעהאדעוועט? ... ס'איז מיין טאכטער, ווי דיין טאכטער! — קלאגט דאס ווייב.

— ניין, דו ביזט שולדיק! דו האסט אויף איר אזוי אכטונג געגעבן.

— אוי, קרוינעלעך מיינע! מיין שולד! געהערט אביסל?

— אבער וואו איז זי, די מרשעת, די פארשייטע מויד? זאל זי אריינקומען. קאראלינא, קאראלינא!

עס איז אריינגעקומען די טאכטער,

— וואס ווידער?

— ווילסט נאך אלץ נישט אוועקווארפן דיין פאבריקאנט, דיין גענעראל־דירעקטאר, הא?

— איך האב אים ליב, טאטע!

— האסט אים ליב — האט דער טאטע געדונערט — און אונז פארפינסטערסטו די אויגן! א פינאנסיסט גאר? א קבצניאק, א פליטהניק, א דירעקטאר־שמעקטאר... וועסט דאך ביי אים געשוואלן ווערן פאר הונגער, וועסטו ביי אים!

און דא שטייט אונז פאר א גאלדענער שהוך מיט דעם ציי־טונגס־מיטארבעטער פון „גרינעם פייפער", נאכע פען־האלטער. א

מענש אַ גביר, אַן אַדיר, אַ מיליאָנשטשיק פֿון אוודאי 300 דאָלאַר! ער שרייבט אויף די בלעטער, שרייבט ער — אין „בלעכערנעם גראַגער", אין „רויטן פּיפּערנאָטער"... און וואָס נישט? ער איז נאָך אַ „פּאַטענטניק" אויך. קאָן שרייבן לידער מיט גראַמען אויך. אַזאַ שידוך מאַכט זיך דיר, אַ שמאַלץ־גרוב. און דו — גאָרנישט. האָסט זיך איינגעליאַפּעט אין, ווייס איך דאָרט, אַ גרויס־אינדוסטריעלער אַ האָלאָדראַנעץ, וואָס די האָר אין קאָפּ זענען נישט זיינע. מען קאָן דאָך פֿון בושה שטאַרבן!

— יאָ, טאַטע, — רעדט די טאָכטער, — אָבער וואָס זאָל איך טאָן? איך האָב אים ליב. איך קאָן נישט הייראַטן אויס געלט, נאָר אויס ליבע. איך דאַרף נישט קיין רייכטום, איך דאַרף נישט קיין געלט. אָ, פֿאָטער! לאָז מיך הייראַטן מיין אויסדערוויילטן אָריכען פינאַנסיסט און לאָמיך מיט אים גליקלעך זיין.

— גליקלעך־שמיקלעך! — קאָכט זיך דער טאַטע. — און אַז דו וועסט שוין גליקלעך זיין, איז וואָס? אַז דו האָסט נישט קיין געלט! זאָג שוין דו איר. כיענע! זאָג שוין דו! — אַפּעלירט דער פֿאָטער צום ווייב.

— אוודאי, איז דער טאַטע גערעכט, טאָכטערשי! — רעדט די מוטער ווייכע רייד. — פֿאַרגעסט, אפֿנים, ווער מיר זענען. דיין פֿאָטער איז, ווי מיר, בלויז אַ טריקאָטאַזשער, גומי־ און לעדער־פֿאַבריקאַנט. און פֿון דער גאַנצער משפּחה אונזערער איז נישטאָ ווער זאָל אונז צוהילף קומען. זאָל גאָט נישט שטראָפֿן פֿאַר די רייד: — אַ משפּחה פֿון לויטער סוחרים. דיין ברודער איז אַ וואַלד־הענדלער; דיין פֿעטער אַ תבואה־ליפֿעראַנט; אַ שוועסטער־קינד — אַ באַנקיר. און דאָ שיקט אונז גאָט צו אַן איידעם אַ שרייבער — ווילסט נישט. עס פֿאַרדריסט דיר, טאָמער וועלן מיר האָבן, ביי וועמען צו באָפּן אַ גמילות־חסד אַמאָל. אָך, כאָ, כאָ... האָסט קיין רחמנות נישט אויף טאַטע־מאַמע.

— אַ גזלנטע! אַ רוצחטע! — וואַרפֿט אַריין דער טאַטע מיט רוגזה. — פֿון דער דירה וועט מען אונז עקסמיסיאָנירן. דער חלף ליגט אויפֿן האַלז. איך שטיי פֿאַר אַ באַנקראָט...

— דער שדכן זאָגט, טאָכטערשי־לעבן — זאָגט די מוטער ווייך

טער, — אז דער תתן דער שרייבער וועט זיך אפגילטן, ער וועט אויף דיין נאמען אפשרייבן זיין ווילע און פאלעניצע, זיי שרייב־מאשין...

— ער וועט אונז די פאבריקן לאזן — העלפט־צו דער פאַ־טער — ער וועט אונז אויף די פיס שטעלן. ביי אזא עושר איז דאך נישט שייך. פאר אים זענען דאך אפן אלע טירן, הן אין טעאטער, הן אין קינא, הן אין ראבינאט והן אויף אלע באנקעטן. אין זיין זכות וועט די מאמע אמאל פארזוכן א שטיקל יידיש טעאטער, אדער ער וועט אונז אמאל נעמען אויף א באנקעט. זאל טאקע א טריקאטאזש־גומי־ און לעדער־פאבריקאנט אויך אמאל פארזוכן דעם טעם פון א וועטשערע!...

— אבער, מאמעשי, וואס זאל איך טון, אז איך האב אים נישט ליב? איך האב דאך עפעס אויך א הארץ. מאמעשי, — וויינט די טאכטער און פאלט־צו צו דער מוטער, — וואס קאן איך העלפן? אט האט מיין חברטע אירענא, דעם שריפטזעצערס טאכטער, זיך איינגעליבט אין א דאקטאר־מעדיצין, און אונזער שכן זעליג דעם מלמדס טאכטער האט זיך איינגעליבט אין אן אינזשענער מיט א דיפלאם — און פונדעסטוועגן גארנישט: די עלטערן האבן נישט געשטערט. ארימקייט איז נישט קיין שאנדע. וואס זאל מען טון, אז די ליבע איז שטארקער פון טויט!

— איר זענט אלע גזלנים! נישט קיין טעכטער, נאר רוצחים! — שרייט דער פאטער. — איר האט נישט קיין רחמנות אויף עלטערן... מיר וועלן זיך א מעשה אנטון! פון פערטן שטאק וועל איך שפרינגען! דיין מוטער איז שוין פון עגמת־נפש קראנק געווארן...

— נו, געוויס, טאכטער מיינע, גאנצע נעכט פארגים איך טרערן. מיר טוט ווי דאס הארץ פאר אייך ביידן. פאר דיר און פאר דיין טאטן. ער גייט דאך ארום. נעבעך, שווארץ ווי די ערד. און די קאנסט אונז ראטעווען.

די ביידע פרויען ליגן אויף די העלזער און וויינען.

— נו, טאכטערשי־לעבן, זיי א גוטע טאכטער און האב חתונה מיט דעם שרייבער פון „גרינעם פייפער". לאמיר כאטש שטארבן אויף דעם אייגענעם בעט. נאמיר כאטש אויף דער עלטער האבן פון דיר א שטיקל נחת. א־יא, טאכטערשי?

— יאָ, מוטער! — כליפּעט די טאָכטער. — איר פאַרלאַנגט פון מיר אַ קרבן. מילא, זאָל איך זיין אַ קרבן אויף דעם מזבח פון ליבע!

* * *

יענעם אָוונט איז די אומגליקלעכע קאַראָלינע געזעסן אין איר אויסגעליידיקטן (דאָס מעבל — רעקוויזירט פון קאָמאַרניק) בוד־דואַר און האָט געשריבן אַ בריוו צו דעם גרויס־אינדוסטריעלער אַדאָלף קרייקע:

„עוויג־ליבנדער און הימל־געשעצטער אַדאָלף!

„איך שרייב דיר דעם בריוו, און קוואַלן פון טרערן פליסן פון מיינע אויגן און מאַכן נאָס דעם ווייסן פּאַפּיר. מיינע טרערן זענען געזאַלצן, ווי דער ים.

„מיר מוזן זיך שיידן. יאָ, טייערער אַדאָלף. אַזוי וויל דער שיקזאָל. מיינע עלטערן צווינגען מיך צו הייראַטן דעם שרייבער־מיליאָנער נאָכע פּען־האַלטער פון „גרינעם פּייפּער". מיינע עלטערן זענען פאַנאַטיש און פאַרקנעכטעט צום גאָלדענעם קאַלב, און איך בין אַ צו־שוואַך פויגעלע, אַז איך זאָל קאָנען גיין קעגן זייער ווילן. דערצו שטייען זיי איבער אַ טיפן אָפּגרונט און איך מוז זיי רעטן, רעטן...

„מיר מוזן זיך שיידן. מיר מוזן אַרויסרייסן פון הערצן אונזער שטערבנדע ליבע. אַ הימעל! גיב אונז קרעפטן צו פאַרגעסן. אַדיע, טייערער אַדאָלף, און זאָל דיר גאָט געבן מער גליק אין דיין שיקזאָל! פאַרצייַע, פאַרצייַע מיר, אַדיע!

„דיין אימער ליבנדע און אויף עוויג אומגליקלעכע קאַראָלינאַ".

* * *

אין איינציקע וואָכן אַרום איז אַרום דער טלאָמאַצקער שוּל געשטאַנען אַ גרויסער געדראַנג פון מענשן. פּאָליציאַנטן האָבן געטריבן.

דאָרט איז יעצט די חתונה פון פרייַלין קאַראָלינאַ מיט דעם שרייבער פון „גרינעם פּייפּער" נאָכע פּען־האַלטער. לענג־אויס דער גאַס האָבן זיך געצויגן לאַנגע רייען פּריוואַטע אויטאָמאָבילן און

מאקסווקעס און דראַזשקעס, פון וועלכע מען האָט געזען אַרויסקר־
מען גרויסאַרטיקע געסט פון חתנס צד, אדירים, גבירים, און די סמע־
טענע פון דער געזעלשאַפט: זשורנאַליסטן, רעפּאָרטערן, קאָרעקטאָרן;
צווישן זיי — דיכטער, וויצן־שרייבער, זעצער, שיק־יונגלעך פון רע־
דאַקציעס, צייטונגס־פּאַרקויפער, צינקאָגראַפן, צייטונגס־פאָטאָגראַ־
פיסטן און אַנדערע מיליאַרדערן פון דער פינאַנצן־וועלט. מענשן
האָבן זיך געשטיקט און געשטופּט; זיך געהויבן אויף די שפּיץ פינגער
אָנצוקוקן חתן־כלה און געשמועסט נישט גאָר אָן קנאה:

— וואָוּ! וואָס פאַר אַ גליק אַ מיידל האָט געטראָפן!

— נאָך דער חתונה, זאָגט מען, פאָרן זיי אַוועק אויף אַ לוסט־
רייזע קיין עגיפּטן און מראָקאָ.

— די גאַנצע פאַמיליע פון דער כלהס צד האָט ער אויסגע־
קליידט, ווי די גראַפן.

— אַ שמאַלץ־גרוב!

— שייך אַ שמאַלץ־גרוב! אַ גאָלד גרוב.

די חתונה איז געפּראַוועט געוואָרן מיט גרויס פּאָמפּע אין די
גרויסע זאַלן פונם שרייבער־פאַריין אויף דעם חתנס חשבון. דער
חתן האָט אויך געלאַזט מאַכן אַ וויעטשערע פאַר אָרימע־לייט, צו
וועלכער ס׳זענען געקומען פאַבריקאַנטן, סוחרים, באַנקירן און אַנדע־
רע פינאַנסיסטן.

אין דערזעלבער צייט, ווען אין די אַפּאַרטאַמענטן פונם שריי־
בער־פאַריין איז פאָרגעקומען די גרויסע האָכצייט, און שאַמפּאַן און
סינאַלקאָ האָט זיך געגאָסן ווי וואַסער, איז אויף פּיעטריקאָווער גאַס
אין לאָדז נעבן אַ פאַבריק געשטאַנען אַ צעהודערט רעדל מיט
מענשן, און אַ „פאַנטאָוויע"־קאַרעטע אינדערמיט:

דער גרויס־אינדוסטריעלער אַדאָלף קרייקע איז אַראָפּגעשפּרונ־
גען פון איינעם פון זיינע נישט־הויכערנדיקע קוימענס און איז גע־
הרגעט געוואָרן.

מענשן האָבן געמורמלט:

— אַ קרבן פון שלעכטע צייטן... קריזיס!...

בלויז איך מיט אייך, ליבע לעזער, ווייסן, אַז דאָס איז אַ קרבן
פון אַן אומגליקלעכער ליבע.

# מיאוס אַריינגעפאַלן

אײנמאָל, אַ פרייטאָג פרי, באַגעגנט מיך מיין באַקאַנטער סוחר, זיגמונד, דער זייף־פאַבריקאַנט, אַ געפּאַקטער פאַרשוין מיט אַ גלאַט־סיילעכדיק פול געלבלעך פּנים, ווי אַ שטיק זייף, און זאָגט מיר מיט זיין גבירישן הוסטעלע:

— אפשר איז אַ סבּרא, כי, כי, אַז איר, פּאַניע ט., זאָלט צו מיר היינט אַרויפקומען מיט אייער הומאָר און סאַטירע אויף שבתדיקע פיש, כי, כי; היינט איז פרייטאָג, וועלן מיר עסן אַ שבתדיקע וועטשע־רע. לכּבוד אייך וועל איך איינלאַדן משפּחה. עס וועט זיין מיין מחותן דער דאָזאָר, און מיין נייער איידעם דער דאָקטאָר און נאָך עטלעכע געסט און קרובים.. וועט איר אונז פרייליך מאַכן. איר וועט דער־ציילן אייערע וויצלעך און פּראַווען די קאָמעדיע, כי, כי. קומט איר?

בין איך דאָך אַ מענש מיט האָנאָר און אַמביציע, האָב איך געוואָלט אים מאַכן אין טאַטן אַריין און שיקן אים צו אַלדע שוואַרץ־יאָר, — האָב איך זיך דערמאָנט אָן די שבתדיקע פיש און האָב גע־ענטפערט:

— אָך, מיטן גרעסטן פאַרגעניגן.

אכט אזייגער אין אָוונט בין איך שוין געווען ביי מיין באַקאַנטן גביר מיט מיין הומאָר און סאַטירע און מיט מיין שטאַרקן אַפּע־טיט. דער גרויסער טיש איז געשטאַנען אָנגעלאָדן מיט אַ שפע פון פרייטאָג־צו־נאַכטסדיקע מאכלים: קוילעטשן, משקאות פון כל־המינים און גרויסע בכבודיקע פּאַלומיסקעס שמעקעדיקע פיש: געפילטע נישט־געפילטע, זיסע, געפעפערטע...

אַרום טיש איז געזעסן משפּחה. אסימילירטע יידן, אַריסטאָ־

קרטשו אין האַרביקע ווייסע גאָרסן און גלאַנציקע פּליכעס, פּשוטע ייִדן אין יאַרמולקעס, חסידישע היטעלעך און קאַפּעליושן; ווייבער דעקאָלטירטע מיט צירונג און אין שייטלען; יונגע שילער און סתם־געסט. איך האָב געזאָלט זיין דער טשוואַק פון היינטיקן מאָלצייט: אַ שרייבער! אַ הומאָריסט!

דאָס הויפּטגעשפּרעך האָט זיך געדרייט אַרום „זשאַרגאָנאָווע“ צייטונגען, שרייבער און, דער עיקר, אַרום דער צייטונג, אין וועל־כער איך בין אַ מיטאַרבעטער.

צוליב מיין כבוד וועגן איז דידאָזיקע צייטונג היינט אויפ־געקויפט געוואָרן אין עטלעכע עקזעמפּלאַרן און אומישנע צולעגט געוועזן אין פאַרשידענע אַנזעעוודיקע ערטער, ווי שטיקלעך ברויט פאַר בדיקת־חמץ...

אַלעמענס אויגן זענען געווען געווענדט צו מיר.

אַפילו די פרויען און שול־קינדער, וואָס פאַרשטייען נישט קיין איין וואָרט יידיש, האָבן אויך געקוקט אויף מיר מיט נייגערי־קייט און אָבשיי, ווייל מען האָט זיי דערציילט, אַז איך בין אַ „זשאַר־גאָנאָווער“ שרייבער, אַ הומאָריסט און מיט אַ סך וויציקע „שטיקלעך“.

האָט מען געקוקט אויף מיר, ווי מיר אַליין אין די קינדער־יאָרן האָבן געקוקט אויף אַ ירושלמי־ייד, וואָס פלעגט פאַרבלאָנדזשן אַמאָל צו אונז אין שטוב אַריין.

איינער פון די געסט, אַ פאַרשוין מיט אַ פול, פליישיק פנים, האָט געפונען פאַר נויטיק איבערצודערציילן אַ גאַנצן וויץ, וואָס ער האָט אַרויסגעלייענט פון מיין צייטונג, און אַלע האָבן זיך ממש געקאַטשעט פון געלעכטער.

אין האַרצן האָב איך אַפילו געוואוסט, אַז דער וויץ איז נישט מיינער, נאָר אַן אַנדערנס און איז גראָד געווען געדרוקט אין אַן אַנדערער צייטונג, וואָס איך האָב צו איר גאָר קיין שייכות נישט. איך האָב זיך אָבער געמאַכט כלאָ־ידע און אָראָפּגעשלונגען די שבחים מיט דער לאָקשן־יויך.

איצט איז געקומען מיין ריי און איך האָב אויסגעבראַכט גאַנצע זעקס געקליבענע וויצן, וואָס איך האָב צוגעגרייט ספּעציעל פאַר דעמדאָזיקן מאָלצייט־וועגן, און איך האָב געהאַט גרויס בייפאַל.

פאַר די פרויען און קינדער האָבן די מאַנזבילן געמוזט איבער־זעצן מיינע וויצן אויף פויליש און מען האָט שטאַרק געלאַכט און מ׳איז געווען זייער באַגייסטערט.

— ער קען שוין איינמאָל אַריינזאָגן אַ וויץ!

— און פונוואַנען נעמט זיך דאָס צו אַ מענטשן אַזאַ קאָפּ?

— עס איז דאָך אַ גאָט־זאַך, אַ מתנה פון גאָט.

די מער יידישע געסט האָבן זיך געפילט גאָר גוט, ווי אויף זייערס אַ שמחה; האָבן גערעדט דרייסט יידיש, געוויזן גרויס בקיאות אין יידישע וויצן בכלל און אין מיינע שאַפונגען בפרט, אַזוי אַז די איבעריקע גויאישע יידן האָבן זיי שטאַרק מקנא געווען און זיך גע־מיט אויך אַרויסצווייזן גרויס אינטערעס פאַר דער „זשאַרגאָנאָווער״ ליטעראַטור.

און איינער אַ פּליכעוואַטער האַרער פאַרשוין, שטאַרק באַוואַנסט, ווי אַ פּוילישער שלאַכטשיץ, האָט שטאַרק גערעדט וועגן „דבוק״ פון אַנדזשיי מאַרעק און „גאָלעם״ פון „מירלאַ עפּראָס״.

איינער פון די געסט, וואָס איז געווען גאָר באַגייסטערט פון מיר און מיין זשעני, האָט זיך געווענדט צו מיר מיט אַ פאַרשנדיגן בליקל און געזאָגט:

— זאָגט מיר, פאַניע ט., איר זאָלט מיר נאָר זאָגן דעם אמת. איך בין חושד, אַז דער וואונדערבאַרער ראָמאַן, וואָס דרוקט זיך אין אייער צייטונג, „אויף זיבן שלעסער״ איז אייער מלאכה, און די „דריי שטערנדלעך״, וואָס איר שרייבט־זיך־אונטער — דאָס זייט איר; וואָס, אַ־יאָ, איך האָב געטראָפן?

גאָט איז מיין עדות, אַז דערדאָזיקער ראָמאַן געהערט נישט צו מיין פעדער. איך האָב אָבער שטאַרק געוואָלט, אַז מען זאָל מיינען, אַז דער ראָמאַן איז מיינער.

האָב איך אַראָפּגעלאָזט די אויגן און מיט אַ פאַרלעגן שמייכעלע געזאָגט: „ניין״; אָבער דאָס איז געווען אַזאַ „ניין״, וואָס דער טייטש זאָל זיין „יאָ״. ווי איינער זאָגט: מען האָט מיך געכאַפּט ביי דער האַנט, איז מיר אַביסל נישט אָנגענעם, ווייל איך בין באַשיידן.

— אַהאַ! — האָט דער פרעגער טריאומפירט, שטורענדיק

מיין שמייכעלע. — וואָס האָב איך געזאָגט? מיך וועט מען נישט נאַרן. איך האָב גלייך געוואוסט, אַז דאָס איז זיין מלאכה. איך בין אַ פּסיכאָלאָגישער מענטש.

איך האָב נישט געקאָנט בײַשטיין דעם נסיון און האָב זיך „מחוה" געווען.

— יאָ, דער ראָמאַן „אויף זיבן שלעסער" איז מיינער.

אַ כוואַליע פון באַוואונדערונג האָט זיך דורכגעטראָגן איבער דער גאַנצער געזעלשאַפט. עס איז געווען קענטיק, אַז דער דערדאָזיקער ראָמאַן איז דאָ שטאַרק פּאָפּולער און ווערט שטאַרק געלעזן פון אַ גרויסן טייל פון דער געזעלשאַפט.

— אַזוי, איז עס אייער ראָמאַן? אָווא! — זאָגט דער בעל-הבית מיט זיין גבירישן הוסטעלע, און איז צופרידן, וואָס אין זיין הויז איז געשען אַזאַ סענסאַציע.

— און איך האָב שוין לאַנג געוואוסט, אַז דאָס איז זיינס אַ שטיקל אַרבעט! — גיט צו אַ געל יידל.

— און פונוואַנען נעמט זיך דאָס צו אַ מענטשן אַזוי פיל קאָפּ? — באַמערקט דער בעל-הבית.

— נאָך אַ שטיקעלע געענזנס אפשר? — רוקט מיר אונטער די בעל-הביתטע אַ נייע פּאָרציע געענזנס.

— מיט כריין, — זאָגט אַ צווייטע דאַמע מיט אַ סך צירונג און רוקט מיר אונטער דעם כריין.

— און אפשר אַ שטיקעלע אינדיטשקע?

— אָבער גיט אים אַ גאָפּל! גיכער, אַ גאָפּל פאַרן הומאָריסט!

— וועלכן קאָמפּאָט עסט איר? — פרעגט די עלטערע טאָכטער מיט די גרויסע ציגיינער-אויערינגלעך. — זאָל דער הערר עסן דעם אינדיק מיט קאָמפּאָט.

— און פאַרטרינקען מיט אַביסעלע וויין. צו פלייש איז גוט אַביסעלע וויין. גיסט אים אָן אַ גלעזעלע טאָקייער! — באַפעלט דער מחותן דער דאָזאַר.

— און פונוואַנען נעמט זיך דאָס ביי אַ מענטשן אַזוי פיל קאָפּ?! ... — פרעגט דער בעל-הבית ווידער.

— עס איז דאָך אַ גאָט-זאַך, — ערקלערט אים אַ צווייטער.

— א גאַטס מתנה! — גיט צו א דריטער.

— איך פאַרשטיי גאָרנישט. פאַניע מ., — זאָגט א גאַסט מיט א לאַנגער נאָז און קורצזיכטיקע אויגן, שטופנדיק דעם גאָפּל אין אוגערקע, — פאַרוואָס איר באַהאַלט דאָ אייער נאָמען און איר שרייבט־זיך־אונטער מיט „דריי שטערנדלעך". אויף אַלע אייערע שמאַטעס שרייבט איר אונטער אייער אמתן נאָמען, און אונטער אַזא וואונדערבאַרן ראָמאַן שרייבט איר אונטער „דריי שטערנדלעך".

— מסתמא ווייסט ער, וואָס ער טוט! — פאַרענטפערט מיך דער בעל־השמחה. — א שרייבער ווייס, וואָס ער טוט. עס מוז זיין א סוד דערביי. אין יעדן פאַך איז דאָ א סוד. על־פי אין זייף־מאַכן איז אויך דאָ א סוד.

איך האָב נאָך אַלץ געהאַלטן אראָפּגעלאָזט די אויגן מיט א באַשיידן שמייכעלע און געריבן א פולקע געענזנס.

— שאַ, שאַ! פּאַנאָוויע! איצט קאָן מען דאָך וויסן, וואָס עס וועט זיין מיט דעם „באַהאַטער" מאַניעק! — רופט אויס מיט טרי־אומף א ווייבל מיט א געלן שייטל. — דער מאַכער אַליין איז דאָ, וועט ער אונז דערציילן.

דאָ איז מיר געוואָרן ביטער.

— מאַניעק, — זאָג איך, — מאַניעק... וועט זיך... ע..ע... איינליבן...

— ווידער איינליבן! — וואונדערט זיך א צווייטע דאַמע. — ער האָט זיך דאָך שוין איינמאָל איינגעליבט.

— וועט ער זיך א צווייט מאָל איינליבן... — זאָג איך און קאָן נישט אויפהויבן די אויגן.

— אין וועמען? — פרעגן עטלעכע שטימען מיטאַמאָל.

— אין... אין... דער העלדין.

— וועלכע העלדין? פאַראַן צוויי העלדינס. סטעפּטשע און אַנקע.

— דאָס איז איינס און דיזעלבע, — זאָג איך און ראַטעווע מיך, זוי א טרינקענדיקער אָן א שטרוי, — אַנקע און סטעפּטשע איז איין פערזאָן.

— וואָס הייסט איין פערזאָן? — פּראָטעסטירט א יונג בחור'ל

מיט א קליין חסידיש היטעלע. — איר שרייבט דאָך אַליין, אַז זיי פאַרבערגנגען און רעדן צווישן זיך!

— אַנטשולדיגט, — זאָג איך, — דאָס איז אַזאַ דאָפּלטער טיפּ. עס איז איין פּערזאָן, וואָס רעדט מיט זיך אַליין. דאָס איז אַ פּאַטאַלאָגישער טיפּ.

— מניא! — קוועטשט אַ שוואַרצער יונגערמאַן מיט די פּלייצעס.

— און פון מאַניעקן האָט איר געמאַכט אַ נעגער? האַ? דער זעלבסטמאָרד איז געווען אַ פאַלשער זעלבסטמאָרד! — ווייזט אַרויס בקיאות אַ יונג פּריילין.

— געווים, געווים, — זאָג איך, — אַ פאַלשער זעלבסטמאָרד. דער סם איז קיין סם נישט געווען.

— וואָסער סם? — וואונדערט זיך די יודענע אין שייטל.

— אַנטשולדיגט, — זאָג איך, — דער רעוואָלווער האָט זיך פאַרהאַקט.

— וואָס פאַר אַ רעוואָלווער? — פּראָטעסטירט דאָס געלע שייטל. — ער האָט זיך דאָך גאָר דערטרונקען אין ווייכסל.

— נו, יאָ, פריער האָט ער זיך דערטרונקען און נאָכדעם זיך געסמט און נאָכדעם האָט ער זיך געשאָסן פון אַ רעוואָלווער

— מניא! — זאָגט דער הערר מיט דער געצוואָגענער באָרד.

— און וואָס וועט זיין מיט יאַקובן? — פרעגט אַ נייע דאַמע. — אָט מיט דעם יונגען שוואַרץ?

— ער וועט שענדן, — ענטפער איך.

— ווידער שענדן? — כאַפּט־אונטער דאָס יונגע חסידישע בחורל. — ווען וועט ער איצט שענדן?

— ע... ע... יאַקובן. — זאָג איך און איך הער, ווי עס פלאַמט מיר אַן אויער

— כאַ, כאַ, כאַ! — צעלאַכט זיך דאָס בחורל.

— מניא! — מאַכט דער הער מיט דער געצוואָגענער באָרד.

— נו, נו! — העלפט אים נאָך איינער — לאָמיר רעדן וועגן פרייליכערע זאַכן וואָס הערט זיך עפּעס מיט דער פּאַרטיע זייט?

— איר וועט אונז אַנטשולדיגן, — זאָגט צו מיר אַ גאַסט מיט

שטעכעדיגע אויגעלעך, — איר אליין שרייבט און איר ווייסט נישט וואס קאמפאר אין ראמאן!

— איך בין חושד, פאנאוויע, — רופט זיך אפ דאס געלע ידל, — אז דאס איז עפעס א שווינדל. דער ראמאן איז נישט זיינער.

— איך האב אויך אזא איינדרוק, — גיטרצו דאס ווייבל אין גרינעם שייטל.

א טויטע אנטוישטע שטילקייט האט א ווײלע באהערשט דעם גאנצן טיש. אפילו דער קלאנג פון לעפל־גאפל איז פארשטומט געווארן.

עמיצער האט אוועקגענומען דאס פלעשל ווײן, וואס איז געשטאנען נעבן מיר. די וואזע מיט אויבס, וואס איז די גאנצע צייט געשטאנען פונקט אנטקעגן מיר, איז אוועקגערוימט געווארן ערגעץ אויף א צווייטן עק טיש.

צום קאמפאט האט מיר אויסגעפעלט א לעפעלע. איך האב געהוסט און געהוסט, נאר קיינער האט זיך נישט אומגעקוקט צו מיר.

דער עולם איז אויפגעשטאנען פון טיש. די עלטערע האבן שוין גערעדט וועגן געשעפט; די יינגערע — וועגן ספארט. די מיידלעך האבן געזונגען לידלעך פון „אנאנאס", און איך בין געבליבן פארלאזט פון גאט און פון מענטשן.

שטיל, ווי א גנב, האב איך זיך ארויסגעגנבעט און בין אוועק. דעם גאנצן וועג האב איך זיך אליין געגריזשעט:

— דער טייוול האט מיך געשטופט! צו־וואס האב איך דאס געדארפט? צו־וואס?...



# האָב איך עס אַביסל געהאַט אַ קאָנצערט!

**דערציילט פון מענדל דעם פרויען-הערשער, קונסט-קריטיקער און עסטעט.**

---

— פונוואנען קומט צו מיר אַ געשוואָלענע באַק און אַ בלוי אויג? און פאַרוואָס עפּעס גראָד פון דער רעכטער זייט? — איז ערשטנס, דערפאַר ווייל מיין ווייב איז אַ געלינקטע; און צווייטנס, האָב איך די נאַכט זיך אַביסל צעווערטלט מיט מיין ווייב סעווערינאַ.

וואָס איז געשען פאַר אַ געשיכטע? גאָרנישט איז געשען; קיין געשיכטע.

דאָ אנומעלט איז צו אונז אין שטאָט אָנגעפאָרן אַ באַרימטער חזן פון ביאַליסטאָק, בערעלע סאָלאָוויטשיק, אַ זינגער פון ערנסטע אָפּערעס, ראַפּסאָדיעס, רעטשיטאַטיוון און יידישע פאָלקס-לידער.

אַ דיקלעכער נידעריקער פּאַרשוין, אויף קורצע, קיילעכדיקע פיס און לחלוטין אָן אַ האַלז. דאָס הייסט, אַ האַלז אויף זינגען האָט ער, נאָר אַ האַלז צו ווייזן זיך פאַר לייטן האָט ער נישט. טראָגט אַ פראַק מיט אַ פּיקייענער וועסט און בכבודיקן פליק, ווי אַ האָלענדישער קעז, אין סאַמע אָנדערוואַכן. פון צייט צו צייט לאָזט ער ארויס צוויי אָפּגעריסענע קלאַנגען: „מי", „מאַ". דאָס פּרובירט ער די ריינקייט פון זיין „כלי". איין קלאַנג „מי" זאָגט ער מיט אַ באַס, און דעם צווייטן קלאַנג „מאַ" זאָגט ער מיט אַ סאָפּראַן. און אַז ער רעדט, רעדט ער אויך מיט צוויי שטימען, מיט אַ באַס און מיט אַ סאָפּראַן. רוסיש רעדט ער מיט אַ באַס, און יידיש מיט אַ סאָפּראַן. אַזוי, למשל, קאָנט איך הערן אין איין פראַזע ביידע לשונות און ביידע שטימען:

— מאי אימפּערעסאַריאָ סוואָלאָטש ! — הויבט ער אָן מיט אַ געדריכטן באַס, ווי עס פּאַסט פאַר דער רוסישער שפּראַך; און אין דערהױלבער סעקונדע פאַרענדיגט ער מיט אַ קוויטשיגן סאָפּראַנדל, ווי אַ קריי פון אַ יונגען הענדל :

— אַ ממזר, אַ רוח אין זיין געפּגרטן טאַטן אריין !

אָדער :

— (מיט אַ גראָבן באַס) : אָן מניע אַביעשטשאַל דערזשאַט נאַ ווסיאָם גאָטאָוואָם (און תיכּף מיט אַ דינעם קולכל), און יעצט דאַרף איך אַליין קויפן אַ שטיקל הערינג !

ער איז געקומען אַהער צו געבן אַ ריי קאָנצערטן. זיין ערשטער קאָנצערט וועט זיין אין פּאָמפּאַדור־טעאַטער אויף פּשעכאָדניע גאַס.

בין איך דאָך עפּעס אויך אַ שרייבער, אַ קונסט־קריטיקער און אַן עסטעט, האָב איך מיך גענומען גרייטן צום קאָנצערט.

יענעם פרימאָרגן האָב איך געגעבן אַ טאַפּ דעם חופּק ביי מיין ווייב סעווערינאַ, צי זי איז אַ בעלנטע צו גיין אויפן קאָנצערט. זאָגט זי, אַז זי האָט נישט, וואָס אָנצוטון. זאָג איך : „סטייטש, וואָס איז מיטן גראַנאַט־קלייד ?“ זאָגט זי : „אין דעם גראַנאַט־קלייד זע איך אויס דאַר, ווי אַ שטעקן“. זאָג איך : „און וואָס איז מיטן שוואַרצן קלייד ?“ זאָגט זי, אַז אינם שוואַרצן קלייד איז זי דיק, ווי אַ פּאַס. זאָג איך : „און וואָס איז מיטן ברוינעם קלייד ?“ זאָגט זי, אַז אינם ברוינעם קלייד זעט זי אויס אַן אַלטע יידענע. זאָג איך : „און וואָס איז מיטן גרינעם קלייד ?“ זאָגט זי, אַז אינם גרינעם קלייד זעט זי אויס, ווי אַ געווענזלטער הערינג. זאָג איך : און וואָס איז מיטן נייעם פּאַפּעליאַטן־קלייד, וואָס דו נייסט איצט ?“ זאָגט זי, אַז דאָס נייע פּאַפּעליאַטע קלייד איז כאָך נישט פאַרטיק, און אַז דאָס דאַרף זי טאַקע היינט אוונט פאָרן צו איר שניידערין אויף דער „לעמבערגער פאַרשטאָט“. זי האָט מיט איר שניידערין אַ שאַרפן סכסוך : די שניידערין האָט איבערגעפּירט אַ קלייד, קאַליע געמאַכט דריי מעטער קרעפּדזשאָרדזשעט, צוויי מעטער קרעפּ־דעשין און אַ מעטער מאַראָקען, אחוץ אונטערשלאַק. ס'איז נישט קיין קלייד, נישט קיין מאָדע און נישט קיין פאַסאָן... דאָס קלייד האָט געדאַרפט זיין אַ קאָמבינאַציע מיט בראָקאַט פון

אויבן און מיט אַ „קלאַש“ פון אונטן, פליסירט פון רעכטס און פאַרריסן פון לינקס. צום סוף האָט זי איר געמאַכט מיט אַ „טוניק“ פון פאָרנט און מיט אַ „בויך“ פון אויבן, „געפיורט“ פון רעכטס און פאַרריסן פון הינטן...

פאַרלאַנגט מיין ווייב, אַז די שניידערין זאָל איר אָפּקויפן צוריק די סחורה מיט די אַלע מאַטעריאַלן; וויל יענע נישט. האָט מיין ווייב זי אָנגערופן „טאַנדעטניצע“. האָט יענע צוריק אָנגערופן מיין ווייב „מרשעת“. האָט מיין ווייב זי אָנגערופן „גן־עדן־פויגל“, האָט יענע מיין ווייב אָנגערופן „ווערימדיקער באָקסער“; און דאָס אַלץ, זאָגט מיר מיין ווייב, איז, ווייל זי האָט אַ מאַן ווי איך, אַן אויסוואורף און אַ מערזאַוועץ און אַ פאַדלעץ, וואָס שאַנעוועט נישט זיין ווייב, דערלויבן זיך זי אַנדערע אויך זי גרינגשעצן און אָנרופן „ווערימדיקער באָקסער“. אָבער אַז איך וואָלט נישט געווען זיין אַזאַ פאַדלער מאַן, אַזאַ אויסוואורף און אַזאַ מערזאַוועץ, וואָלט איך באַדאַרפט היינט אָוונט אַ שפיי טון אויפן קאָנצערט און פאָרן מיט איר צו דער שניידערין און מאַכן איר דאָרטן שוואַרץ־שבת און צעפראַסקען איר די פאַסקודנע פיסקעס, און אָנגעבן אין געריכט — און זאָל יענע וויסן, ווי אָנצורופן אַ פרוי פון אַ שרייבער און אַן עסטעט „ווערעמדיקער באָקסער“! אַזאַ דריאַן! אַזאַ כאָלערע! אַזאַ גן־עדן־פויגל!

קורץ: פון דעם גאַנצן פּזמון האָב איך אויסגעפונען דאָס וויב־טיקסטע, אַז מיין ווייב וועט היינט אויפן קאָנצערט נישט זיין, און איך קאָן היינט שמיאַלע (זיכער, אָן געפאַר) גיין אויפן קאָנצערט און מיטנעמען מיין מיידל, פרוילין צעלענצינאַ.

מיין טייערע צעלענצינאַ! זי איז אַ מאַדיסטין. שוין אַ פאָר וואָכן, אַז איך בין אין איר פאַרליבט מיט אַ צערטליכער ליבע. איך האָב זיך איר אָנגעגעבן אַלס בחור, אַלס קאַוואַליער. און שוין איז זי, מיין צעלענצינאַ, וואָס נאָר אַזאַ קונסט־קריטיקער און עסטעט, ווי איך, קאָן עס אָפּשאַצן; הויך און דאַר און שלאַנק און שוואַרץ, מיט אַ געווענזלט פנים. אירע געציילטע און זעלטענע האָר טראָגט זי פאַרקעמט אַרויף מיט אַ קופּקעלע. טראָגט אַ בלוזע מיט ביינערנע קנעפּלעך, צוגעשפּילעט ביז צום האַלז, און אַ לאַנג שוואַרץ קלייד,

פון אונטער וועלכן עס שטאַרטשן אַפער אַ פּאָר גרויסע שיך נומער ...12

היינט וועל איך זיין גליקלעך... און אויך זי, מיין טייערע, וועט זיין גליקלעך צו זען, וואָס פאַר אַ כבוד מען גיט־אָפּ מיר, דעם קונסט־קריטיקער און עסטעט אויף אַ קאָנצערט.

---

אין טעאַטער „פּאַמפּאַדור" איז געווען יום־טובדיק און ליכ־טיק, ווי אויף אַ חתונה. דער גרויסער געלער פּאָרטעפּיאַן איז שוין געשטאַנען אויף דער עסטראַדע און מיט זיין ברייטן רוקן הכנעהדיק געוואַרט, ווי ער וואָלט זאָגן: „נאַט, שפּילט אויף מיר, וואָס איר ווילט; מעג זיין וואַגנער, שניאור און אפילו העניך קאָנס קאָמ־פּאָזיציעס!"...

איך און מיין צעלענצינאַ זענען מיר זיך געזעסן, ווי אַ צוי־נויפגעוואַקסענער צווילינג, אויף אונזערע פּלעצער און צערטלעך גע־שמועסט האַרציקע רייד וועגן אייביקער ליבע, שענהייט, האַרמאָניע, טרייהייט, עסטעטיק און אַנדערע ענלעכע זאַכן. אירע שאַרפע צע־שטאָכענע פינגער האָבן צערטלעך געגלעט מיינע הענט, ווי מיט אַ ריבאייזן.

פּלוצלינג איז מיין בליק געפאַלן צו דער טיר צו, און ווי אַ שטיק האַרץ וואָלט זיך ביי מיר אָפּגעשפּאָלטן און איז אַריינגעפאַלן טיף אין סאַמע בויך אַריין.

מיין ווייב איז אַריינגעקומען.

מען דאַרף נישט זיין קיין פיזיאָנאָמיסט צו דערקענען אויף מיין ווייבס פּנים קריגס־צושטאַנד, בפרט נאָך איך, דער אויסגע־פּרובירטער מאַן און נאָך אַ קונסט־קריטיקער און עסטעט, האָב תיכף דערשמעקט, אַז עס שמעקט מיט פּולווער. אַ נס איז געווען: איך האָב באַצייטנס באַמערקט, אַז זי האָט מיך נישט באַמערקט...

— אַנטשולדיקט מיר, מיין טייערע! — האָב איך גיך איינגע־רוימט מיין מיידל אויפן אויער. — איך מוז דאָ אַביסל אַכטונג געבן אויפן זאַל. איך בין איינער פון דעם קאָמיטעט, וואָס דאַרף האַלטן אָרדנונג! — און בין אַוועקגעלאָפן צו מיין ווייב.

מיין ווייבס פנים האָט ממש געשאָסן מיט בליצן. די ליפּן אירע האָבן זיך געביסן ביז בלוט.

— ביזט גאָר דאָ, מיין טייערע? — האָב איך געזאָגט מיט אַ ווייכקייט פון צעלאָזענעם פּוטער מיט האָניג.

— „דאָ, דאָ", אידיאָט! — האָט מיין ווייב אַרויסגעשיפּעט, ווי אַ קעסל. — זעסט דאָך אַז איך בין דאָ. איך בין געווען ביי דער שניידערין, האָב איך זי נישט געטראָפן אין דער היים, די מכשפה. זי באַהאַלט זיך אויס, די אויסוואָרפניצע. בין איך געקומען אַהער, דו זאָלסט מיר העלפן זי אויפזוכן, די פּאַסקודסטווע, און איר אָפּשפּילן די אמתע חתונה. די שכנים זאָגן, אַז זי געפינט זיך אָדער ביי איר ברודער זלמן־ליפּ, דער קוילן־טרעגער אין מאַקאַטאָוו, אָדער ביי איר פעטער מאָטיע פעחד־גנב אין זאַליבאָזש, וואָס האָט פאַרריקע וואָך געשלאָגן דריי פייער־לעשער. אָבער שוין די מינוט זאָלן מיר פאָרן אַהין און מאַכן פון איר קרעפּל־פלייש!

נאָר פלוצים איז זי געבליבן שטיין געפּלעפט, איר בליק איז געפאַלן אַהינצו, וואו מיין מיידל איז געזעסן.

— זי איז דאָ! זי איז דאָ! דער גן־עדן־פויגל! — האָט מיין ווייב זיך צעצאַפּלט, ווי אין פיבער. — די רגע זאָלסט צוגיין צו איר און אַרויסרייסן איר די אויגן, אירע פאַרשיווע באַקן זאָלסטו איר צעפּראַסקען... אָדער זי זאָל די מינוט אָפּגעבן דאָס געלט פאַרן קלייד, אָדער זי זאָל דאָ, פאַר אַלעמען אין די אויגן, צוריקציען דאָס וואָרט „וועריקמדיקער באָקסער". אַז נישט, זאָלסטו פון איר מאַכן אַ בארג אש!

— אָבער... אָבער... מיין טייערע, — האָב איך געשטאַמלט און מיין פנים אין שפּיגל האָט אויסגעזען, אַז אַ שענערן לעגט מען אין קבר.

און באַלד איז מיין ווייב געשטאַנען מיט געקלאַמערטע פויסטן נעבן מיין צעלעניצינאַ און געקווטשעט נישט מיט איר קול:

— דו ביזט גאָר דאָ, דו טאַנדעטניצע, דו גן־עדן־פויגל! וואָס טוסטו דאָ? האַ? באַהאַלסט זיך אויס! איך וועל דיר פונדאַנען —

— איך האָב פאַר אייך קיין מורא נישט! — האָט מיין מיידל זיך געגעבן אַ שטעל־אוועק, ווי לאַנג זי איז. — איך בין דאָ מיט

מיין חתן; ער איז דאָ אַ גרעסערער מאַכער פון איך! ער איז דאָ איינער פון קאָמיטעט!

— דיין חתן? ווער איז דאָ דיין חתן?

— אָט, ער! — האָט דאָס מיידל אָנגעוויזן אויף מיר מיט שטאָלץ און טריאומף.

— ער? ער מיין מאַן איז דיין חתן? קינדערלעך! כאַ, כאַ, כאַ! — האָט זיך מיין ווייב צעלאַכט מיט אַ היסטערישן געלעכטער.

— אייער מאַן? אַי, אַ שלאַק האָט מיך געטראָפן! — האָט מיין מיידל פאַרבראָכן די הענט. — ער זאָגט דאָך, אַז ער איז אַ בחור! אַ, אַ פינסטערע, וויסטע מהומה זאָל קומען אויף זיין קאָפּ, אויף זיינע הענט און פיס!

און מיין געליבטע האָט זיך עס אַרויפגעוואָרפן אויף מיר:

— דו שווינדלער! דו אַלפאָנס! ליידאַק! הולטאַי! אומשולדיקע פרויען ווילסטו פאַרפירן? איך וועל דערציילן מיינע ברידער, וועט מען דיר...

— אַהיים קום. די מינוט זאָלסטו מיר גיין אַהיים! — האָט מיין ווייב געיאָמערט און זיך אַרויפגעוואָרפן אויף מיר פון דער אַנדער זייט. — אַהיים זאָלסטו מיר גיין! די הגע, די סעקונדע! דו מערזאַוועץ! דו אויסוואורף, דו מיידלניק!...

---

דער אויטאָמאָביל האָט אונז געפירט אַהיים. איך בין געזעסן ווי אַ פאַרמשפּטער, מיט אַן אָנגערוקטן קאַפּעליוש און האָב געשוויגן. מיין ווייב האָט אויך געשוויגן, און שטיל איז געווען אין אויטאָמאָביל. שטיל, ווי פאַר אַ שטורעם. איך האָב געוואוסט, אַז אין דער היים וואַרט אויף מיר דער אמתער קאָנצערט.

# פאַרטוישט די יוצרות

מיין שיין באַקאַנט פרייליין טאַבאַטשאַ פיניקאַ מיך שוין אַ לענ־
גערע צייט, איך זאָל זי אַריינפירן אין דעם שרייבער־קרייז און באַ־
קענען זיי מיט ליטעראַטן און קינסטלער.

— עס מוז דאָך זיין זייער אַן אינטערעסאַנטער „נאַראָד"

מיט אַ סך ווערק און „ווערשעס" פון די שרייבער איז זי שוין
באַקאַנט. דער שוואַגער לייענט איר אַלע שבת די „קזשיווע לוסטראַ"
אויפן „דזשעננניק", איצט וויל זי קענען די אויטאָרן. היינט — האָט
זי געהערט — איז אין ליטעראַטן־פאַריין אַ „ליטעראַצקי פיאַנטעק",
זאָל איך זי מיטנעמען אַביסל אויף דער זאַבאַווע.

— איך וועל אָבער נישט קאָנען מיט אייך זיך פאַרנעמען, —
האָב איך איר געזאָגט, — איך בין היינט דער הויפּט־אָרדנער פון
אָוונט. איך וועל זיין זייער באַשעפטיקט.

— דאָס שאַדט נישט. איר וועט מיך באַקענען מיט אייערע
קאָלעגן, און איך וועל שוין אליין מיט זיי זיך „זאַבאַוויען".
געפועלט.

דער באַדינג איז געווען, איך זאָל זי באַקענען מיט דריי טיפּן
שרייבער: מיט אַ לירישן דיכטער, מיט אַ פרייליכן הומאָריסט און
פעסימיסטישן דענקער.

דעמזעלבן אָוונט האָב איך זי מיטגענומען אין ליטעראַטן־פאַ־
ריין אויפן „פאַמיליען־אָוונט". און אויף אַ פאַמיליען־אָוונט פון שרײ־
בער איז, ווי באַוואוסט, פאַר אַן אָרדנער פאַראַן זייער אַ סך אַר־
בעט: ער דאַרף אַכטונג געבן, אַז אַלץ זאָל זיין אין דער בעסטער
אָרדנונג. די מיטגלידער, ווי אויך די איינגעלאַדענע געסט, זאָלן

נישט אַרײַנקומען אין זאַל אין די מאַנטלען און קאַלאָשן; מען זאָל נישט וואַרפֿן קיין פּאַפּיראָסן־קערטלעך און אַש אויפֿן טישטעך, און בײַם עסן זאָל מען נישט וואַרפֿן קיין הערינג־ביינדלעך און קיין פּיסטאַשקעס־שאָלעכץ אויף דער פּאָדלאָגע, נישט שרײַבן קיין נע־מינע רייד אויף די ווענט, נישט קנײַפּן די דאַמען, מען זאָל נישט שנײַצן די נאָז אין די פֿאָרהאַנגען. מיט איין וואָרט, ס׳איז פֿאַראַן זייער אַ סך אַרבעט פֿאַר אַ מענשן, וואָס איז ממונה צו האַלטן אָרד־נונג אויף אַ פֿאַרווײַלונגס־אָוונט בײַ ליטעראַטן.

האָב איך, בײַם אַרײַנקומען מיט פֿריילין טאַבאַטשע אויף אונ־זער אָוונט, זי תיכף צוגעפֿירט צו אַ קאָלעגע, כדי איך זאָל גלײַך ווערן פֿרײַ און קאָנען צוטרעטן צו מײַן שווערער פֿאַראַנטוואָרטלעכער אויפֿגאַבע.

איך האָב זיי פֿאַרגעשטעלט:

— פֿריילין טאַבאַטשע טיהקעלטויב און קאָלעגע מנחם זויער־קרויט. אַ פֿריילעכער מענטש, אונזער בעסטער הומאָריסט און גײַסט־רײַכער וויצלער. איר וועט האָבן אַן אמתן גענוס מיט אים צו פֿאַר־ברענגען.

און צום קאָלעגע האָב איך אַזוי געזאָגט:

— איך גיב אײַך איבער, קאָלעגע, אויף אייער אחריות מײַן באַקאַנטע און ווײַלט זי, ווי איר קענט.

אין אײַלעניש האָב איך פֿאַרטוישט די יוצרות, וואָרום דער קאָלעגע זויערקרויט איז גאָר נישט קיין הומאָריסט. ער איז גאָר באַ־וווּסט אַלס פּעסימיסט און מיסטיקער. זעלטן, ווען מען באַגעגנט אַ שמייכל אויף זײַנע ליפּן. פֿון קיין וויצן האַלט ער נישט, און ווען מען דערציילט אים אַ וויץ, אַנטשולדיקט ער זיך בזה הלשון:

— פֿאַרצײַען זי מיר, וואָס איך לאַך נישט, איך בין אַ פּעסימיסט און אַן אײַנזאַמער מענטש.

ריידן רעדט ער געציילטע ווערטער און פֿראַזן פֿון טיפֿע מיס־טישע אמתן, ווי למשל: „אַלץ איז רעלאַטיוו“; „דאָס לעבן איז ווי אַ הינער־אויג“; „פֿיניטאַ לאַ קאָמעדיע“; „שערשע לאַ פֿאַם“; „די וועלט איז אַ יאָמערטאָל“, וכדומה אַזעלכע פֿראַזן.

זויערקרויט, נישט קוקנדיק אויף זײַן אײַנזאַמקייט און הבל־

הבלימדיקער וועלט באַנעמונג, איז דאָך געווען צופרידן צו האָבן געבן זיך אַ סימפּאַטיש מיידל, ווי טאַבטשע, מיט וועלכער ער וועט זיך קאָנען טיילן אין זיין „נעגאַטיווער" וועלט־אַנשויאונג.

— איר וועט זיך וואונדערן, פריילין, — האָט ער געזאָגט מיט אַ שטים ווי פון אַ קבר — וואָס איך, אַן איינזאַמער מענטש, גרייפן זיך הינט אויף דער פאַרווילונג; דאָס טו איך, ווייל דער איינזאַמער מענטש פיהלט זיך צווישן אַ מאַסע נאָך פיל איינזאַמער, און וואָס מער איינזאַמער כ'פיהל זיך, אלץ מער לעב איך זיך אויס אין מיין איינזאַמקייט.

— כאַ־כאַ־כאַ! — האָט זיך דאָס מיידל צולאַכט מיט אַ קלינגנדיק געלעכטער. — ס'איז קאָמיש.

— אַנטשולדיקט, פריילין, — האָט ער צו איר אויסגעדרייט דעם קאָפּ מיט אַ צוטראָגנער מינע: — דאָס איז נישט קיין קאָמיזם, דאָס איז דער טרויעריקער פּסיכאָלאָגישער אמת פון דער גרויער ווירקלעכקייט, וואָס גרעניצט זיך מיט דעם אייביק־מעטאַפיזישן און מיסטישן טראַגיזם פון מענשלעכן דאַזיין.

— כאַ, כאַ, כאַ! — האָט דאָס מיידל אויסגעשאָסן מיט נאָך אַ הילכיקערן געלעכטער: — איר זענט אַ וואונדערלעכער קאָמיקער. איר זאָגט די גרעסטע וויצן און איר לאַכט אפילו נישט. טשאַפּלין איז אויך אַזוי. אַלע גרויסע קאָמיקער זענען אַזוי. די אַרומיקע לאַכן, און זיי אַליין נישט. כאַ־כאַ־כאַ!

זייערקרויט האָט געקוקט אויף איר מיט אַ פּאָר קיילעכדיקע צעשראָקענע אויגן־ווייסלעך און געקוועטשט מיט די פּלייצעס.

ענדלעך האָט ער זיך אויפגעהויבן פון אָרט אַן שום אַנטשולדיקונג און איז צוגעלאָפן צו מיר מיט אַ ווילדער רציחה.

— וואָס איז דאָס: האַ? וואָס פאַר אַ מיידל האָסטו מיר אָנגעטשעפּעט? זי' איז אַ גערירטע פון זינען, אַ חסר־דעהניצע, צי וואָס? טוט און לאַכט. וואָס איך זאָג, לאַכט זי: כאַ־כאַ־כאַ און כי־כי־כי!... וואָס איז דאָס? האָסט געמאַכט מיט מיר אַ שפּאַס. גראָד מיר, דעם איינזאַמען פּעסימיסט, האָסט אָנגעשיקט אַזאַ לייכטזיניק לאַכעדיק באַשעפעניש! אַ שיינער חבר ביזטו! פאַר אַזאַ חוזק ביזטו ווערט מען זאָל דיר די האַנט נישט געבן!

איך בין צוגעלאָפן צו מיין טאַבאַטשען, געכאַפּט פאַר דער האַנט, צוגעפירט זי צו אַן אַנדער ווינקעל און פאַרגעשטעלט זי פאַר אַ נייעם קאָלעגע:

— פריילין טאַבאַטשע טירקעלטויב און קאָלעגע זשאַמע לאַכמאַן, גרויסער לירישער דיכטער, מיסטישער דענקער, זינגער פון דעמערונג און געשפּענסטער, — זייט באַקאַנט... איך האָף, פריילין, אַז די געזעלשאַפט פון אונזער דיכטער וועט אייך זיין העכסט אינטערעסאַנט. ער וועט אייך פאַרשאַפן דעם אמתן גייסטיקן גענוס.

אין איילעניש האָב איך אויך דאָ ווידער פאַרפּלאָנטערט די יוצרות. קאָלעגע לאַכמאַן איז גראָד באַקאַנט אַלס הומאָריסט און פריילעכער לונג־און־לעבער. מיט זיינע וויצן און לוסטיקע פּלוידערייען איז ער שטאַרק נושא־חן ביי דעם „שיינעם געשלעכט".

דערזעענדיק דאָס שיינע מיידל ביי דער זייט, האָט ער זיך ערשט צולאָזט מיט דעם גאַנצן הומאָריסטישן באַגאַזש אין גרויס אימפּעט. צוערשט האָט ער איר אויסגעבראַכט אַ פּאָר קאָמישע פּאַראַדאָקסן. אַז די פּאַראַדאָקסן האָבן נישט געמאַכט דעם געהעריקן רושם, האָט ער איר דערציילט צוויי נייעסטע קאַבאַרעטאַנעקדאָטן וועגן אַ שווייגער און וועגן אַ פאַרראַטענעם מאַן.

דאָס מיידל איז געזעסן זייער טרויעריק מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, ווי אַן אָבל נאָך אַ גרויסער אבידה.

דערזען, אַז דאָס מיידל רעאַגירט נישט אויף זיינע אַנעקדאָטן, האָט אונזער הומאָריסט זיך אונטערגעגאַרטלט מיט גרויס טאַלענט און שאַרפן חיתוך־הדיבור און מיט אַ וואונדערלעכער אינטערפּרעטאַציע איבערגעגעבן צוויי נייע שאַרפע וויצן.

דאָס מיידל איז נאָך אַלץ געזעסן שטיל און טרויעריק, ווי זי וואָלט פאַרנעמען אַ זייער טרויעריקע בשורה.

— איר זענט שלעכט געשטימט, פריילין, — האָט לאַכמאַן געזאָגט מיט רעזיגנאַציע.

— אייערע ווערטער וועקן אין מיר טיפע מעלאַנכאָליע.

לאַכמאַן האָט מן־הצד אָנגעקוקט זיין מאָדנע באַקאַנטע. איר פּראָפיל האָט אויסגעזען, ווי זי וואָלט אויפגעגעסן אַ טוץ ציטרינען, געמאַראַנירט אין עסיג. ער האָט זיך געדרייט אויף זיין אָרט אַ

פארלוירענער און צומישטער. אפגעווישט די גרויסע טהאַפּנס שווייס פון שטערן, האָט ער גענומען דערציילן זיין בעסטן וויץ פון זיין רעפּערטואַר: אַ קאַלאַסאַלער וויץ אַ צווייידייטיקער, וואָס קאָן רירן דעם גרעסטן מרה־שחורהניק. ער האָט אָבער נישט געענדיקט, מחמת ער האָט דערזען, אַז ער רעדט צו אַ טויבער וואַנט. דאָס מיידל איז געזעסן העכסט טרויעריק און האָט געקוקט אויף די שפּיצן פון אירע פּאַנטאָפל.

ער האָט זיך אַ ריס געטון פון אָרט, ווי אַ שלאַנג וואָלט אים אַ ביס געטון, און מיט אַ בייזער ווילדקייט, וואָס עס איז שווער געווען צו גלויבן אויף אַזאַ לוסטיקן גוטמוטיקן מענטשן, ווי ער, האָט ער זיך אַ וואָרף געטון צו מיר:

— וואָס פאַר אַ מיידל האָסטו עס מיר אונטערגעשיקט? — אַ מעלאַנכאָלימשקע, אַ מרה־שחורהניצע, צי וואָס, דער רוח ווייס! אין אַ משוגעים־הויז דאַרף מען דאָך זי אַוועקשיקן, אין דער אָפּטיילונג פאַר שווערע מעלאַנכאָליקער! האָסט עס מיר געטון אויף צו־להכעיס! ? חוזק מאַכסטו פון מיר. איך וויל דיך נישט קענען מער! טפו! . . .

איך בין אין דער גיך צוגעלאָפן צו מיין מיידל און צוגויפגע־פירט זי מיט אַ דריטן באַקאַנטן, מלך שטורקאַץ.

— דאָ האָט איר, פריילין, אַ טראַגישע פיגור, אַ ביירענאָנסט, דיכטער פון טראַגיזם און מענשלעכע טרערן, מיר רופן אים דער נייער האַמלעט. און דאָס איז פריילין טאַבטשע טורקעלטויב, אַן אינטע־ליגענט מיידל. זייט באַקאַנט און ווײַלט אייך.

ווידער פאַרביטן די יוצרות. מלך שטורקאַץ איז נישט געווען נישט קיין דיכטער, נישט קיין טראַגישע נאַטור, נשיט קיין האַמ־לעט און נישט קיין ביירענאָנסט, נאָר אַ באַקאַנטער טוער, אָראַטאָר און פירער פון דער רעכטער פראַקציע פון לינקען אָפנויג פון רעכטן אָפּגעשפּאָלטענעם פליגל פון די לינקע „פּועלי־ציון".

אַ דערפרייטער, האָט ער זיך אָנגעכאַפּט אָן זיין נייער באַ־קאַנטער: אָט דאָ וועט ער ווייזן זיין גרויסן רעדנער־טאַלאַנט, זיין ערודיציע. ער איז גליקלעך צו געבן אַזאַ שיין מיידל זיין אַגיטאַציע, און נאָך גליקלעכער וועט ער זיין, ווען ער וועט צוציען אַזאַ סימפּאַ־

טישן מיטגליד צו זיין רעכטער פראקציע פון לינקן אפנויג פון רעכטן אפגעשפאלטענעם פליגל פון די לינקע פעצעקעס.

און ער האט אזוי געזאגט:

— איך מיין, פריילין, אז אזא סימפאטישער מענש, ווי איר, באדארפט געדענקען די גרונד־הנהגות פון חבר באראכאוו וועגן דער סאציאלער פראטאפלאזמע און צענטראפוגע און אנדערע פאסטולאטן, וואס גייען אויפן טראקט פון פאאופעריזאציע און לומפן־פראלעטאריזאציע...

דאס מיידל האט א שווערן זיפץ געטון.

— וואס איז מיט אייך? — האט דער פראלעטארישער פירער דערשראקן געפרעגט. — וואס זיפצט איר, פריילין?

— עס איז דאך אזוי טראגיש...

— וואס איז טראגיש?

— אט דאס, וואס איר רעדט.

— וואס רעד איך? איך רעד, אז ווייל די ברייטע מאסן ווערן קאלעקטיוו ארויסגעשטויסן פון דער פראלעטאריזאציע און מוזן זוכן נייע טעריטאריעס פון זייער רעזאן־ד'עטער, דעריבער מוז יעדער באוואוסטזיניקער אינדיווידואום געהערן צו דער רעכטער פראקציע פון לינקן אפנויג פון רעכטן אפגעשפאלטענעם פליגל פון די לינקע פעצעקעס און — — — — — — — — — — — —

דאס מיידל האט היסטעריש געכליפעט. פון אירע אויגן זענען געפאלן גרויסע טרערן־טראפנס, ווי באב.

— צו אלדע רוחות! — האט ער זיך א ריס געטון פון ארט און זיך ארויפגעוואָרפן אויף מיר:

—וואס פאר א קלאג־מוטער האסטו אויף מיר אנגעשיקט! א היסטערישקע, צי וואס? איך בין דיר מוחל דיין מתנה! געזען אביסל? געפונען פון וועמען צו שפאסן, פון מיר גאר! גיי דיר צו אלדע רוחות מיט דיינע באקאנטע אינטעליגענטן!

דער סוף איז געווען, אז אויך דאס מיידל איז צוגעלאפן צו מיר און זיך ארויפגעווארפן אויף מיר מיט א געשריי:

— א שיינער פשיאטשעל זענט איר מיינער! וואוהין האט איר מיך אריינגעפירט, וואוהין? שיינע מענשן זענען אייערע קאלעגן!

שיינע דזשענטעלמענער! יעדער איינער לאזט מיך דא איבער און לויפט אוועק! אזוי באגייט מען זיך מיט א דאמע? כאמעס זענט איר, נישט קיין דזשענטעלמענער! און איר אליין זענט אויך א גרעטין, אז איר האט מיך באקענט מיט אזעלכע פאסקודניאקעס! און נאך שרייבער, אידעאליסטן! טפו!

---

אזוי־ארום האב איך אין איין אוונט פארלוירן דריי קאלעגן און מיין שיין באקאנט פריילין טאבטשע...)

# פון טאָפּעט צום גט

אָנגעהויבן האָט זיך עס פון די טאָפּעטן.

דאָס יונגע פּאָר־פאָלק יאקוב און זינא טאלאליי האָבן באַשלאָסן אויסצוטאָפּעטירן זייער וואוינונג.

שוין דערעסן די קאַלטע צוזאַמענגעקאַלטע פאַרביגע ווענט, שוין צייט, מען זאָל זיי אויסקלעפּן מיט שיינע לייטישע טאָפּעטן.

טאָפּעטן מאַכט אַ שטוב שטאַבישער, היימלעכער.

באַשלאָסן, איז יאקוב אוועקגעגאַנגען אין טאָפּעטן־געשעפט פון „געברידער הערמאַן קרופּניק". דאָ האָט מען אים אויפגענומען, ווי אַ קיסר, אויף אַ ווייכן היסב־פּאָטעל און גענומען אים ווייזן טאָפּעטן פון כל המינים:

גרינע, בלויע, געלע, רויטע, מיט פאַרשידענע פייגל, קוויטן, אָרנאַמענטן, פּאַסן, המן־טאַשן, חיות, ביימער, זיג־זאַגן און גאָך פיל אַנדערע.

יאקוב איז זייער חשיבותדיק געזעסן אויף זיין שטול, געשמאַכט מיט זיינע קורצזיכטיגע אויגן, געקוקט דורך דער פּויסט, געזאָגט מבינות, געקליבן, אָפּגעוואָרפן, בראַקירט, ביז ענדלעך האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ זייער שיינעם טאָפּעט.

דער טאָפּעט איז געווען געקעסטלט אין צוקער־לעקעכער. צווישן יעדן צוקער־לעקעך איז געווען אויסגעמאָלט אַ וואַזע מיט בלומען, אויף וועלכער עס איז געשטאַנען אַ געל־גרין־בלויער פּאַפּוגיי און האָט געפּיקט.

אויסגעקליבן די טאָפּעטן, האָט יאקוב געהייסן צו שיקן אַהיים 20 ראָלקעס און אַ גוטן טאָפּעטיאַזש אַ בעל־מלאכה.

אז זינא, זיין ווייב, האָט דערזען די טאַפּעטן, וואָס דער מאַן האָט אויסגעקליבן, האָט זי פאַרבראָכן די הענט, פאַרשנורעוועט די געפאַרבטע ליפּן און געזאָגט:

— כל־זמן איך לעב, וועל איך אין מיין שטוב אַזעלכע טאַ־פּעטן נישט לאָזן קלעפּן. אַזעלכע טאַפּעטן האָט מען געקלעפּט ביי מיין עלטער־באָבען, אָבער נישט איצט, ווען מיר האָבן אַ נאַוואָ־טשעסנע צייט מיט מאָדערנער קולטור. אויב דו האָסט נישט קיין געשמאַק פון אַ סטיליאָוועו מענש, וועל איך אַליין מוזן גיין אויס־קלויבן אַ מוסטער פון טאַפּעטן.

דערנאָך האָט זי צוגעגעבן:

— אַז מען שיקט אַ גולם איבער די קראָמען...

אין אַ ווײַלע אַרום איז שוין זינא אַליין געזעסן אין דעמזעלבן טאַפּעטן־געשעפט פון „געבּרידער קרופּניק“, געזעסן אויף דעמזעלבן פאָטעל און געקליבן אַ טאַפּעט נאָך איר געשמאַק.

— עפּעס מאָדערנעס, עפּעקטיוונעס! — האָט זי געבעטן, — איך בין אַן עקסצענטריטשנע פרוי און קאָן זיך פאַרגינען צו וואוינען אין אַ צימער מיט עקסצענטריטשנע טאַפּעטן.

ענדלעך האָט זי זיך געשטעלט אויף אַ העכסט מאָדערנעם טאַ־פּעט. דער טאַפּעט האָט אויסגעזען, אַ שטייגער, ווי מען וואָלט גענומען 10 קעץ, איינגעטונקען זייערע פּיסלעך אין פאַרשידענע פאַרבן און הייסן זיי טאַנצן אַ בלעקבאָטאָם; דערחוץ איז אַרויסגעקומען אַ וואונ־דערבאַרע מישעניניע מיט פאַרשידענע געשטאַלטן און פיגורן: אַז מען וויל, קאָן מען דאָ געפינען „לונגיאָן־לעבערס“, „סאַמאָוואַרן“, „ווינד־מילן“, „פייער־לעשער מיט קישקעס“, „קאַטשקעס“, „הענער“, „צילינדערהיט“ א. ד. גל.

אַז מען האָט געבראַכט די טאַפּעטן אַהיים און יאַקוב האָט עס דערזען, האָט ער געזאָגט צו זיין ווייב, מיט געציילטע ווערטער, וואָס זענען געווען פול מיט סאַרקאַזם און גאַל:

— איבער מיין טרופּ וועט מען אַריבערגיין, אָבער איך וועל אַזעלכע טאַפּעטן אין מיין הויז נישט דולדן!

האָט דאָס ווייב געזאָגט:

— אז באַדאַי די וועלט זאָל אונטערגיין, וועלן בלייבן נאָר אירע טאַפּעטן!

האָט ער געזאָגט:

— אויב אין אַנדערע זאַכן איז ער נאָכגיביק, וועט ער היינטיגס מאָל איר נישט נאָכגעבן בחוט־השערה! קלעפּן וועט מען זיינע טאַפּעטן!

זאָגט זי:

— פון דיינע טאַפּעטן שלאָגט גרין און גאָל. דו ביזט אַן אַלטפרענקישער שמאַגעגע!...

זאָגט ער:

— און דיינע טאַפּעטן זענען משוגע אויף טויט — און איך וויל נישט משוגע ווערן!

זאָגט זי:

— ווער משוגע פאַר אַלע יידן און פאַר מיר אויך!

זאָגט ער:

— און דו ווער די כפּרה פאַר מיר און פאַר כּל־ישראל!

האָט מען זיך אַזוי לאַנג געאַמפּערט, ביז עס איז געבליבן צו פרעגן מבינות ביי לייטן: ט'מען הערן, וואָס זיי וועלן זאָגן.

נאָכמיטאָג האָט מען געשיקט רופן דעם שכן פון קעגנאיבער, נחמן־דוד ציפּקין, דעם לערער פון קאַליגראַפיע, אַזאַ מענטש האָט זיכער אַ געשמאַק אין אַ טאַפּעט.

מאַן און ווייב האָבן פאַר אים אויפגעוויקלט און דעמאָנסטרירט יעדער באַזונדער זייערע טאַפּעטן און געפרעגט אין איין קול:

— אַ נו, פּאַניע ציפּקין, לאָמיר הערן פון אייך אַ מיינונג.

נחמן־דוד האָט פאַרקנייטשט דעם שטערן, אָנגעשטעלט איין האַנט איבער די אויגן, ווי אַ דאַשעק, און געזאָגט:

— אוודאי איז אָט דער טאַפּעט מיט דעם פּאַפּוגיי פיל שענער. עס איז דאָך אַ לעבעדיגער פּאַפּוגיי, ווי איך בין אַ ייד! היינט די וואַזע מיט די בלומען! ס'איז דאָך מיט דער האַנט אָנצונעמען. עס שמעקט דאָך!

— אַהאַ! זעסטו שוין?! — טריאומפירט יאַקוב.

— טפו! — האָט זינאַ אויסגעשפּיגן, — זאָלט איר מיר מוחל

זיין. איר פארשטייט, וויפיל מיין שלימאזאָרע, און מיין שלימאַ־זאָרע — וויפיל איר! איר זענט ביידע פינסטערע, וויסטע, אַלט־מאָדישע קאַליקעס און ווילדע זאַצאַפּאַנצעס! מיר וועלן בעסער אַריינ־רופן די מאַדאַם קאַץ. זי איז אַ פּאַסטעמפּאַווע מיט אַריסטאָקראַ־טישע זאַפּאַטריוואַניעס.

אוונטס איז אַריינגעקומען אַ נידעריגע פרוי, מיט אַ גרין־בלאָנד־געפאַרבטן אַלאַ־גאַרסאָן־קאָפּ, מיט שטאַרק אָנגעפּודערטע און גע־פאַרבטע באַקן און מיט רויטע שאַרלאַך־ליפּן און אונטערגעשמירטע אויגן, ווי מיט בלויע רעדער. מאַן און ווייב האָבן ווידער איבּגע־וויקלט זייערע טאַפּעטן אויף דער וואַנט און געפרעגט:

— זאָגן זי נור, פּאַני קאַץ, לעבן זאָלן זי: אין וועלכע טאַפּעטן גוסטירן זי צום בעסטן?

די מאַדאַם קאַץ האָט אָנגעשטעלט איר לאָרנעט, באַטראַכט און געזאָגט:

— געוויס איז אָט דער טאַפּעט מיט די קאַפּריזנע פלעקן שע־נער. עס איז די אמתע קאַקאַפאָניע.

— אהאַ! — טריאומפירט זי. — נו? וואָס ווערסטו איצט זאָגן, גוסטאַווניק מיינער?

— מאַדאַם קאַץ איז משוגע, ווי דו, און דו — ווי מאַדאַם קאַץ! איר זענט ביידע געווירט אויפן „בוידעם“. קאַקאַפאָניעס איז ביי אייך דאַרט אין קאָפּ און נישט קיין געהירן!

אזוי ווי די שטימען האָבן זיך דאַ צוטיילט, איז געבליבן איינ־צולאַדן אַ פינפטן פאַרשוין, אַ בורר, דעם שכן בערנאַרד קענדעל, זייער אַן אָנגעזעענער שכן, אַן איידעלער מענטש און אַ גרויסער אינ־טעליגענט, מחמת ער האַלט אַן אַפּטייק־סקלאַד.

צומאָרגנס איז געקומען דער שכן בערנאַרד.

מאַן און ווייב צעוויקלען ווידער די טאַפּעטן אויף דער וואַנט און רעדן:

— נו, זאָגט, פּאַניע בערנאַרד, — ווענדעט זיך זינאַ, — דעם טאַפּעט האָב איך אויסגעקליבן און יענעם מיטן פּאַפּוגיי האָט ער, מיין שלים־מזל, אויסגעקליבן. איך מיין, אַז איר זענט אַ פּאַ־סטעמפּאַווער מענטש און אַן אינטעליגענטער פּאַסטעמפּאַוויעץ. טאַ

וועלכער פון די טאפעטן געפעלט אייך? א יא, מיינער? א יא, עס איז עקסצענטריטשנע?

— געווים, געווים! — איז מסכים דער שכן בערנארד. — עס איז דאך העכסט עקסצענטריטשנע.

— אָבער, פאניע בערנארד, — טענהט דער מאַן, — ווי־אזוי קאָן מען גאָר זיצן אין אַ שטוב, וואָס איז פארקלעפּט מיט אזא שמאַראָווידלע? מען קאָן דאך משוגע ווערן! א גאַנץ לעבן זאָל איך קוקן אויף אָט די אָנגעשמירטע געל־גרינע המן־טאשן און לונג־און־לעבערס?

— איך מיין, איר זענט גערעכט, — זאָגט פאַן בערנארד.

— און איך זאָל קוקן א גאַנץ לעבן אויף אָט דעם פאַפּוגיי? — טענהט זינא. — דאָס איז אויך פונקט מיין היים, ווי זיינע. ווי מעג דאָס אַ מענטש זיין אזא עגאָאיסט? איך וועל דאך אנטלויפן פון דאנען! בין איך נישט גערעכט, פאניע בערנארד?

— פאני מא ראציע, — שאָקלט פאַן בערנארד מיטן קאָפּ אין דער זייט פון דער פרוי.

— טאָ זאָגט איר, פאניע בערנארד, אז אויב זי וויל פון די טאַפּעטן אנטלויפן, איז עס טאַקע אַ פּלאַן וואָס גיכער אויסצוקלעפּן די שטוב דוקא מיט מיין טאַפּעט!

— טאָ זאָגט אים, פאניע בערנארד, אז ווילאנג קרענקט ער, ווילאנג איך וועל נישט אנטלויפן! און טאַפּעטירן וועט מען, אים אויף צוזעצעניש, מיינע טאַפּעטן, נישט זיינע! אַ מענטש מיט אַ געשמאַק!

— טאָ זאָגט איר, פאניע בערנארד, אז מסתמא האָב איך נישט קיין געשמאַק, אַז איך האָב געקאָנט אויסקלויבן אזא מציאה פאַר א ווייב...

— טאָ זאָגט אים, פאניע בערנארד, אַז אויב אים געפעלט נישט, קאָנען מיר זיך נאָך היינט גטן.

— טאָ זאָגט איר, פאניע בערנארד, אז גוט. איך בין שוין מסכים!

— טאָ זאָגט אים, פאניע בערנארד, אז איך בין אויך מסכים...

— טאַ זאָגט איר, פּאַניע בערנאַרד, אַז מיר קאָנען שוין גיין צום רב!

— און טאַקע שוין!

— די מינוט!

— שאַ, שאַ, — מישט זיך אַריין דער שכן בערנאַרד, — עס איז דאָך אַ חרפּה פאַר לייט, איבער טאַפּעטן זיך גטן! אַ מער זאָל מען זיך צונויפרעדן און קומען צו אַ קאָמפּראָמענט. ווייסט איר נאָר וואָס? לאָמיר גיין אַלע צוזאַמען אין טאַפּעטן־געשעפט און לאָ־מיר אויסקלייבן אַזאַ סאָרט טאַפּעט, וואָס זאָל שטימען מיט אייער ביידנס געשמעקע. גוט?

— גוט, — איז יאַקוב מסכים. — אָבער נחמן־דוד ציפּקין זאָל מיטגיין.

— גוט, באַשטייט זינאַ. — נאָר איך וויל, אַז די מאַדאַם קאַץ זאָל אויך מיט אונז מיטגיין.

— גוט, גייען מיר אַלע.

אין אַ ווײַלע אַרום זיצן שוין אַלע פינף אין טאַפּעטן־געשעפט פון די „געברידער חיימי קרופּניק" — אַלע אין ריי מיט די רוקנס צו דער גאַס און מיט די פּנימער אינעווייניק. דער בעל־הבית אַליין מיט אַלע אָנגעשטעלטע באַדינען דעם עולם. ראָלקעס וואַרפן זיך אַרויף און אַראָפּ, וויקלען זיך אויף, פונאַנדער און צו, שפּרייטן זיך איבער די ווענט אַן אַ שיעור און אָן און אויפהער, אַז עס שווינדלט און ווימלט פאַר די אויגן. געלע, גרינע, רויטע, בלויע, רויט־גרינע, בלוי־געלע, געל־גרין־וויאָלעטע, פּאַפּוליאַטע־ראָזע... נאָר קיין איין טאַפּעט אַזאַ, אַז אַלע זאָלן מושווה ווערן, איז נישט געווען. יאַקוב איז געבליבן שטיין ביי אַ טאַפּעט, וואָס איז צומאַלט מיט גרינע בוימער, מיט בלויע פייגעלעך, וואָס שפּילן זיך צווישן די צווייגלעך. זינאַ, דאַקעגן, איז געבליבן שטיין אויף אַ טאַפּעט מיט רויטע בוראַ־קעס, וואָס הענגען אויף גרינע אָנגעבלאָזענע קעלבערנע מאָגנס.

די מאַדאַם קאַץ באַשטייט אויף דעם טאַפּעט פון פרוי זינאַ; נאָר בתנאַי, אַז די בוראַקעס זאָלן זיין פּאַפּוליאַטע־בלוי מיט אַ גאָל־דענעם פּאַס פון אויבן און אַ מיראַלשטיינערנער בואַזעריע אונטן.

אויף דעם זאָגט דער שכן נחמן־דוד ציפּקין, דער לערער פון קאַליגראַפיע:

— פע! אַזעלכע טאָפּעטן הענגט מען אין קאָרידאָרן. בעסער איז דער טאָפּעט פון ציגל־קאָליר מיט די גאָלדענע היטהערלעך, וואָס זעען אויס ווי ראַצעמאָרע; נאָר דער שלאַק דאַרף זיין אַ גרינער מיט גאָלדענע שפּרינגעלעך...

זאָגט יאַקוב, אַז אַזאַ טאָפּעט פּאַסט גאָר אין אַ רעסטאָראַן, אָבער נישט אין אַ שטוב, וואו מען וואוינט.

זאָגט דער שכן בערנאַרד פון סקלאַד אַפּטעטשני, אַז אַלע טאָפּעטן זענען שיין; מען דאַרף נאָר דערצו אַ רויטע ראַם מיט זילבערנע לייסטן אַרומגעשלאָגן.

איז יאַקוב מסכים, אַז גאָלדענע היטהערלעך זענען זייער שיין, עס זאָלן אָבער דערצו צוגעגעבן ווערן אַ פּאָר פייגלען, לכל־הפּחות, אַ פלעדערמויז, אָדער אַ פּאַווע.

וויל אָבער זינאַ נישט הערן פון קיין שום פייגלען און פלעדערמויז; זי וויל נאָר די טאָפּעטן מיט די קעלבערנע מאָגנס, מחמת עס איז אָריגינעל און העכסט עקסצענטריטשנע.

זאָגט יאַקוב:

— פּאַסקודסטווע! עס שלאָגט צו דער גאַל!

זאָגט זינאַ, אַז דוקא, ווייל ער וויל, וויל זי נישט.

זאָגט יאַקוב, אַז דוקא, ווייל זי וויל, וויל ער נישט.

די אָנגעשטעלטע אַרבעטן אויף אַלע כלים. מען האָט שוין אָנגעוואָרפן בערג מיט טאָפּעטן; מען הענגט, מען קאָמבינירט, אַזאַ טאָפּעט מיט אַזאַ ראַם, אַזאַ ראַם מיט אַ שלאַק, אַזאַ שלאַק מיט אַזאַ גזימס.

ענדלעך איז געבליבן, מען זאָל צושיקן אַהיים צו עטלעכע ראָלקעס טאָפּעטן פון אַלע סאָרטן און פון אַלע מוסטערן מיט אַלערליי שלאַקן, פּאַסן און ראַמען, און מען וועט שוין זען. מען וועט שוין הערן, וואָס מענשן וועלן זאָגן.

---

די וואוינונג פון דעם פאר־פאלק יאקוב און זינא טאלאליי איז פול מיט טאפעטן, פונקט ווי א טאפעטן־געשעפט. די טירן זענען אפן. מענשן גייען אריין, מענשן גייען ארויס. מאן און ווייב וויקלען טאפעטן, ווייזן זיי, לעגן זיי אויס אויף די ווענט; מענשן זיצן ארום אויף שטולן, שטייען ביי די זייטן און זאגן מבינות; איצט גייען שוין סתם מענשן פון דער גאס. אויפן הויף, ווי אויף די טרעפ, שטייען רעדלעך מענשן, ווי נעבן א שטוב מיט א מת; מען אמפערט זיך, מען קריגט זיך און מען איז אויך דא איינגעטיילט לויט פארשידענע דעות:

די שכנים פון דער אפיצינע רעכטס האלטן פון דעם טאפעט מיט דער פלעדערמויז; דאקעגן די שכנים פון פארנט האלטן, אז דער טאפעט מיט די ראצעמארנע פאסן איז שענער; די שכנים אבער פון איבערן גאס האלטן, אז נאר די טאפעטן מיט די בוימער זענען פאסיגער...

ארבעטער, קלעפער שלאגן־אפ די שוועלן, ווילן שוין נעמען קלעפן, קאכן פאפ, זענען גרייט זיך צו נעמען צו דער ארבעט. אט ווילן זיי נעמען אין האנט א טאפעט, רייסט זיי ארויס דער בעל־הבית; נעמען זיי זיך צו א צווייטן טאפעט, רייסט זיי פון האנט ארויס די בעל־הביתטע. נעמען זיי קלעפן א דריטן טאפעט, רייסט זיי פון האנט ארויס סתם א שכנה, צי א קרוב.

— וואס? איר ווילט קוילענען? — קוילעט! אבער אזא טאפעט וועלן מיר ביי אונזער שכן נישט לאזן אויסקלעפן!

ביז שפעט אין דער נאכט טראגן זיך פון דארט געוואלדן. מענשן קלויבן זיך ביי די טירן און פענסטער.

— מיין טויט, אדער דיין טויט! איך וועל נישט דערלאזן אזא טאפעט!

— און איך וועל נישט דערלאזן דיין שמאראווידלע!

— און איך וועל נישט דערלאזן אזא ראם!

— איך בין דיין מאן און איך האב די דעה!

— און דו וועסט זיך ביי מיר אויסריכטן א ביטערן סוף, אבער אויספירן וועל איך! איך בין א ווייב, צי נישט קיין ווייב? איך וויל דווקא נאר דעם שלאק!

— ביזט אליין א שלאק!
— און דו ביזט א וואריאט, א קרעטין, און אידיאט!
— געפעלט דיר נישט, טא קאנען מיר גיין צום רב.
— געפועלט! צום רב!
— אוושעם!
— און טאקע אוושעם לאדרבה!

---

פאריגן דינסטאג איז דאס פאר־פאלק געווען אין ראבינאט און האט זיך מיט מזל געגט.

די צייטונגען האבן געבראכט די כראניק אונטער פאלגנדן קעפ און דוקא אין גראמען:

„צוליב א טאפעט האט זיך א פאר־פאלק געגט“

# דאָס פאַרשפּילטע ווייב

## (אַ מין באַלאַדע)

אַמאָל איז געווען אַ מאַרקיז אין אַ לאַנד,
און אויך אַ באַראָן איז געווען,
זיי האָבן אין קאָרטן געשפּילט זאַלבענאַנד,
געשפּילט מיט האַזאַרד און מיט ברען.

דעם ערשטן ז'געגאַנגען פון טיר און פון טויר,
עס האָט אים דאָס מזל געשפּילט;
דעם צווייטן איז נעבעך געגאַנגען קאַפּויר —
ער האָט זיין פאַרמעגן פאַרשפּילט.

פאַרשפּילט זיינע גיטער, זיין גוטס און זיין געלט,
פאַרשפּילט זיינע רינדער און שאָף;
די פעלדער און וועלדער אין קאָן אַלץ געשטעלט —
פאַרשפּילט אַלץ פון אלף ביז תיו.

פאַרשפּילט זיינע צירונג, תכשיטים פון לייב,
דעם קעלער דעם אַלטן מיט וויין;
און ענדלעך — דאָס יונגע און בילדשיינע ווייב,
ווי זי אויך אַ חפץ וואָלט זיין...

אינקורצן, אוועק איז אַ צייט נישט קיין סך,

ער גייט, דער מארקיז, אום פארצאגט.
ער נעמט דאן דאס ווייב — די געוואונענע זאך,
ער גייט צום באראן און ער זאגט:

— א ליבער, א טרייער, א זיסער באראן,
איך האב דיר דיין ווייב אפגעבראכט.
א, נעם זיך דיין אוצר, דיין גאלדענע פאן, —
זי האט מיר א גיהנום געמאכט!

ער שאקלט דעם קאפ, דער באראן, נאר אויף „ניין"
און ענטפערט געלאסן און זיס:
— דו האסט זי געוואונען, אצינד איז זי דיין,
א, טייערער, ליבער מארקיז!

עס בלייבט דער מארקיז אנגעלאדן מיט צער,
מיט זארג און מיט אנגסטן אין בליק,
ער זאגט צום באראן: — א, גנעדיגער הער,
איך גיב דאס געווינס דיר צוריק.

דא זאגט דער באראן אים געלאסן און שטיל,
און שמייכלט א שמייכל א דינס:
— איך דאנק דיר, מארקיז; נאר א שפיל איז א שפיל...
איך דארף נישט צוריק מיין געווינס.

דא קלערט ער און קלערט, דער מארקיז, וואס צו טאן,
און פאלט אויף א גלענצנדן פאל:
— איך וועל דיר, א ליבער, א טרייער באראן,
דיר צוגעבן מיין קאפיטאל!

דאך הארטנעקיג שטייט דער באראן אויף זיין שטעל,
נישט אפווענדן אים אויף קיין פאל:
— איך דאנק דיר, מארקיז, פאר דיין נאבעלער זעל,
בין מוחל דיר דיין קאפיטאל!..

# דער אַמעריקאַנער

אין רעדאַקציע פון דער „גלעזער וואָראַקאַטשקע" איז אַריינגע־קומען אַ פאַרשוין, אַ ברייטלעכער, מיט אַ פול פּנים, גלאַטראַזירטע באַקן, גרויסע ברילן אויף דער פלאַטשיקער נאָז, אין אַ קאָסטיום פון אַ נישט־היגן שניט, אַ העמד פון פרעמד־אַרטיקן קאָליר און שיך פון אַ נישט־אונדזעריקן פאַסאָן.

ער איז אַריין, האָט זיך פאָרגעשטעלט פאַרן רעדאַקטאָר און גע־זאָגט:

— איך האָב די ערע: מיסטער האַרי זילבערמאַן, קלאָקמייקער פון פילאַדעלפיע פאַ. איך בין געקומען, איר זאָלט אויפשטעלן אויפן „פייפער", אַז איך, האַרי זילבערמאַן, קלאָק־מייקער, מאַנופאַקטשורער פון פילאַדעלפיע פאַ, בין געקומען קיין וואַרשע און קיין יוראָפּ צו שטודירן און באַטראַכטן דאָס לעבן פון מיינע אָרימע ברידער, פון מיין ליידנדען פאָלק, ייִדנטום און גנאָסן.

— ליידער, קאָנען מיר אַזאַ אַרטיקל נישט געבן, — ענטפערט דער רעדאַקטאָר. — מיר גיבן בלויז נאָטיצן וועגן פראָמינענטע פּער־זענלעכקייטן, און אייער נאָמען איז אונדז נישט באַקאַנט.

— גוועער מיינד, — זאָגט דער אַמעריקאַנער, — איך בין אויך אַ באַרימטע פּערזענלעכקייט ביי אונדז אין פילאַדעלפיע פאַ, און אַ גרויסער ייִדן־פריינט. איך בין טשערמאַן פון דער „יאַנג־מען־חברה־סאָסייטי", פּרעזידענט פון דער חברה „וואָכלאַקלאַקעס־דאַנשי־טריסק", בראַנטש 7, מעמבער פון דער לאָדזש „הושענות קינדער־פּעטאָרינס־אַסאָ־סיאיישאָן". פאַר מיין אַוועקפאָרן קיין יוראָפּ האָבן מיר מיינע טריס־קער לאַנדסלייט געמאַכט אַ מעמאָריאַל־אָוונט מיט אַ באַנקעט. אַט

האָט איר אַן אַרטיקל אויפֿן פּייפּער, דער „טריסקער לאַנדסמאַן“, מיט מײַן פּיקטשור, ווי איך האַלט דעם באָקאַל און זאָג אַ ספּיטש.

— יאָ, — זאָגט דער רעדאַקטאָר, — פֿאַר אונדז איז עס אָבער כּמעט נישט גענוג. אָט ווען עס זאָל אַהער קומען דער פּרעזידענט רוזוועלט, אָדער שריסאַן, אָדער אַן אַנדער פֿילאַנטראָפּ, וואָלטן מיר געגעבן אַ נאָטיץ.

דער אַמעריקאַנער איז אָבער נישט אָפּגעשטאַנען:

— אפֿשר דאַרף עס עפּעס קאָסטן. בין איך גרייט... ביזנעס איז ביזנעס. אַ פּאָר דאָלאַר שפּילט נישט קיין ראָליע, אַבי עס זאָל זײַן געדרוקט. איך דאַרף עס נישט אַזוי פֿאַר מיר, ווי פֿאַר מײַנע לאַנדסלײַט פֿון פֿילאַדעלפֿיע. עס שפּילט נישט קיין ראָליע. איך קאָן אויסקויפֿן פֿינף הונדערט שטיקלעך פֿון אײַער „פּייפּער“ און אַוועקשיקן קיין פֿילאַדעלפֿיע. איך וועל צוגיין צו אַ פּייפּער־סטענד (ציי־טונגס־קיאָסק) און וועל זאָגן צו דעם ניוס־פּייפּער־באָי: עי, באָי! וויפֿיל האָסטו פֿון די פּייפּערס: טויזנט? צוויי טויזנט? גיב אַהער, ענד דאַטס אָל!

דער רעדאַקטאָר האָט זיך אַ קווענקל געטאָן, האָט אַוועקגעלעגט די פֿעדער הינטערן אויער און געזאָגט:

— מנאַ! אויב איר זאָגט, אַז איר זענט אַ פּראָמינענטע פּערזאָן און אַ גרויסער ייִדן־פֿרײַנט, זענען מיר אײַך גרייט צו געבן אַ פּלאַץ אין אונדזער פֿאַרשפּרייטסטער „וואָדאָקאַטשקע“. מיר קאָנען דאָס אָבער געבן נאָר אַלס אַנאָנס.

— אַלס אַזוערטייזמענט, הייסט עס?

— יאָ, בײַ אײַך הייסט עס אַזוערטייזמענט; בײַ אונדז — אַנאָנס. און דאָס וועט אײַך קאָסטן 50 דאָלאַר. מסכּים?

— אָ, יעס! שפּילט אַ ראָליע!

באַקומענדיק דעם טשעק אויף 50 דאָלאַר, האָט דער רעדאַקטאָר אָפּגעשיקט דעם אַמעריקאַנער צום סעקרעטאַר. דער סעקרעטאַר, באַקומענדיק במתּנה פֿון אַמעריקאַנער זײַן פֿול־פֿעדער, האָט אים איבערגעשיקט צו דעם שרײַבער, וואָס דאַרף צונויפֿשטעלן די נאָטיץ; דער שרײַבער האָט פֿון זײַט באַקומען במתּנה צוויי אַמעריקאַנער קראַוואַטן; אויך די איבעריקע אַרבעטער און אָנגעשטעלטע, אַזש ביז

צו דעם שיק־יונגל, האָב אַלע באַקומען צו האַוואַנערסיגאַר, געפּאַקט אין גלעזערנע רערלעך.

— איך וועל אייך נישט זשאַלעווען קיין מתנות, — האָט געזאָגט דער אַמעריקאַנער, — נאָר מאַכט אַ גוטן דזשאַב.

דער עסק איז געראָטן.

---

אויף מאָרגן באַגינען איז אויף די שפּאַלטן פון דער „גלעזער וואָדאַקאַטשקע" געווען געדרוקט פאָלגנדיקע אַנאָנס אין דער פאָרם פון אַ נאָטיץ:

„אַ חשובער גאַסט אין רעדאַקציע פון דער „גלעזער וואָדאַקאַטשקע".

נעכטן האָט בײַ אונז אין רעדאַקציע געווײַלט און פאַרבראַכט אין אַ גאַסטרײַכן געשפּרעך דער באַוואוסטער געזעלשאַפטלעכער טוער ייִדנפרײַנט, פילאַנטראָפּ פון פילאַדעלפיע פּאַ. ער איז געקומען קיין יוראָפּ צו שטודירן זײַנע אָרימע ברידער, ווי אויך דאָס גאַנצע לײַדנדע ייִדנטום. דער פּאַרשוין שײַנט צו זײַן אַ סימפּאַטישער מאַן, (ווי איר זעט דאָ אויפן פּאָרטרעט, וואָס מיר גיבן דאָ) מיט אַן אָפענער האַנט, וואָס קלײַבט פאַר זײַנע אָרימע ברידער אין די גלות־לענדער. ער וואוינט אין האָטעל „ווענעציע", דריטער שטאָק, נומער 280".

---

צומאָרגנס באַגינען, ווען דער אַמעריקאַנער גאַסט איז נאָך געלעגן און געשלאָפן אין בעט, האָט עמיץ אָנגעקלאַפּט אין טיר.

דער אַמעריקאַנער איז אַראָפּגעקראָכן פון בעט, האָט אַרויפגעכאַפּט דעם שלאָף־ראָק און געעפנט די טיר.

אויף דער שוועל האָט זיך באַוויזן אַ דאַר יידל אין אַ קאַפּאָטע, אין אַ קליין חסידיש היטעלע, מיט אַ שמאָל פּנימל, ווי אַ געזאַלצענע אוגערקע, אין ברילן אויף אַן אויסגעטריקנטער נאָז. פון אונטן דעם דאַזיקן פּנימל האָט זיך געבאַמבלט אַ שמאָל שיטער בערדל, ווי אַן אָפּגעניצטער ראָזיר־פּענזל.

— הערשל! — האָט דאָס יידל אויסגעשריען מיט אַ פרייד, וואָס איז אַזש איבערגעגאַנגען אין אַ קרעכץ פון אַ הענדל. — הערשל! הערשל חנה־דבורה׳ס! אָבער פּונקט ווי נעכטן! איך וואָלט דיך דערקענט אַן אָפּגעשינדענעם.

— ווער זענט איר, ליבער ייד? — האָט האַרי געפרעגט מיט גרויס צערטלעכקייט, ווי עס פּאַסט פאַר אַן אַמעריקאַנער, וואָס קומט צו פאָרשן די טראַגישע לאַגע פון ליידנדן יידנטום.

— דו דערקענסט מיך נישט?! איך, לוי־יצחק, דיין מלמד פון טריסק. האָסט שוין פאַרגעסן? געדענקסט, ווי איך האָב דיך געקאַטשעוועט. אַי, ביזטו געווען אַ שייגעץ! איצט אָבער ביזטו אַ מיליאָנשטשיק, האַ? איך אָבער האָב דיך גלייך דערקענט, אַזוי ווי איך האָב נאָר דערזען דיין פּאָרטרעט אויפן בלאַטצייטונג.

האַרין האָט זיך זייער געוואָלט זאָגן דעם יידן: „גייט אייך צו אַלדע רוחות און לאָזט מיך שלאָפן“; נאָר דערמאָנענדיק זיך וועגן זיין גרויסער מיסיע, האָט ער פריינטלעך געפרעגט:

— מאַכט איר אַ לעבן, טייערער פריינט? זענט איר גליקלעך מיט אייער שיקזאַל?

— אַ לעבן? אַ טויט מאַכט מען! איך בין קאָלעקטאָר פון לאָטעריי־צעטלעך. נו־טאַ, ליגט מען גאָט אין דר׳ערד. נישטאָ קיין חיונה, נישטאָ קיין פּרנסה, און אַ ווייב, זאָל געזונט זיין, און קינדערלעך... שאַ!... היים עפּעס דערלאַנגען, הערשל! אַ גלאָז טיי, צי וואָס.. איך האָב נאָך הייַנט אין מיין מויל נישט געהאַט. אַזוי נאָר ווי איך בין אויפגעשטאַנען און דערזען דיין פּאָרטרעט אויפן בלאַט, האָב איך געזאָגט צו מיין ביילען: איך לויף! איך מוז לויפן זען מיין טייערן תלמיד הערשל, דעם מיליאָנשטשיק, וואָס איך האָב אַמאָל אַזוי געשמיסן. הע, אפשר איז ער אונדזער מלאך המושיע“.

דער דינער האָט אַריינגעטראָגן טיי.

— ז׳שטרונדלעם. אַלבאַ קאַוואַלעק טאָרטו, פּראָשען פּאַנאַ, — האָט דאָס יידל געגעבן אַ צוגאָב־באַפעל.

אָפּגעטרונקען די טיי, האָט דאָס יידל אויסגעגאָסן דאָס רעשט ביסל טיי פון גלאָז אויף דער פּאָדלאָגע, אָפּגעטרייסלט די בריקלעך שטרודל פון זיין שמאָל בערדל, האָט גענומען די איבערגעבליבענע

שטיקלעך שטרודל פון טיש, איינגעוויקלט אין דער נאז־פאטשיילע און, באהאלטנדיק עס אין בוזעם, האט ער געזאגט:

— מנא, עס וועט זיין פאר די קינדערס וועגן. זאלן זיי אויך וויסן, אז מיר האבן אזא טייערן גאסט פון אמעריקע.

ער הייבט־זיך־אויף און נעמט באטראכטן און באטאפן אלע חפצים פון צימער און שטעלט זיך אפ ביים קופער.

— וואס איז דאס אזוינס?

— א טרונק, — ענטפערט דער אמעריקאנער, — אזא טשע־מאדאן.

— אהא, א וואליזע אזא. א וואזשנע כלי... און ווי עפנט עס זיך? אהא. אזוי. האסט, קיין עין־הרע, א סך בגדים. קיין עין־הרע! אחיסגעקליידט, ווי א שחרה. א שאד, וואס דו האסט נישט פאר מיר עפעס קיין מלבוש. לויטער דייטשע, קורצע מלבושים... זעסטו, אויף דיין שלאף־ראק בין איך יא א בעלן... וואס איז דאס, א זיידענער? האסט מיר אים געמעגט אוועקשענקען. אין אמעריקע וועסטו קויפן אן אנדערן.

דער אמעריקאנער האט זיך דערמאנט, אז עס וועט זיין זייער שיין פאר אזא מענטשן־פריינט, ווי ער איז, ווען ער וועט קומען אהיים קיין פילאדעלפיע און ער וועט דערציילן פאר זיינע לאנדסלייט, אז ער האט ארויפגענומען זיין שלאף־ראק פון לייב און אוועקגעשאנקען עס זיין ארימען אמאליקן מלמד — און, אגב, וועט מען עס אפשר דרוקן אויפן בלאט אויך... האט ער ארויפגענומען דעם שלאף־ראק, איבערגעגעבן עס דעם יידל און איז געבליבן אין זיין פיזשאמע.

— און וואס איז דאס פאר א בגד, וואס דו טראגסט איצט? — פרעגט לוי־יצחק און באטאפט דעם מאטעריאל. — זייד, הא? צי האלב־זייד? און ווי הייסט עס אזא בגד?

— א פיזשאמע.

— ווי?

— פיזשאמע.

— פידזשאמע?

— יא.

— און ווען טראגט מען עס אזא בגד? אויף וועלכער שמחה?

- מען שלאָפט אין דעם.

- מען שלאָפט אין דעם?! אָווא! וואָס אַמעריקאַנער מיליאָנ־שטשיקעס קאָנען זיך פאַרגינען!...

ער נעמט נישטערן אויפן טיש און שטויסט־זיך־אָן אין אַ שאַכטל ציגאַרן.

— און האָס זענען דיינע ציגאַרן?... וועלן מיר אַקאָרשט פאַר־רויכערן?... וואו זענען דיינע זאַפאַלקעס?... אָט אַזוי... : אָווא, אַ ריח־ניחוח!... עס שמעקט — מחיה נפשות... מען דאַרף אַ פּאָר שטיק נעמען אַהיים... הערהערהע... עס שטייט אַפילו „ואל כליך לא תתן"... אָבער מילא, מאַ... ביי אַן אַלטן תלמיד... וואָס איך האָב אַזוי געשמיסן... יאָ... איז וואָס האָב איך געוואָלט זאָגן... וועסט דאָך מיר בייהילפיק זיין... יאָ? ווען איך זאָל האָבן איצט נישט קיין סך, נאָר אַ 25 דאָלאַר; וואָלט איך מיר געהאַט חיונה. יעך, עך, עך...

דער אַמעריקאַנער קראַצט זיך ביי דער פאה, דערמאָנט זיך, אַז ער איז אַ מענטשן־פריינט. נעמט ער אַרויס אַ טשעק־ביכל און פילט־אויס די סומע פון 25 דאָלאַר. דאָס יידל נעמט־צו דעם טשעק, וויקלט איין דעם שלאַפראָק אין אַ צייטונג און זאָגט:

— נו, דערווייל אַ דאַנק. מיר וועלן זיך נאָך זען. דו פאַרסט דאָך נאָך נישט אַוועק. אַ דאַנק דיר און אַ גרויסן יישר־כח דיר! דער אויבערשטער זאָל דיר אָפּצאָלן כפל־כפלים, אָמן!

---

האַרי בלייבט אַליין און הויבט־זיך־אָן אָנטאָן. עמיצער קלאַפּט. עס באַווייזן זיך צוויי יידן, אַ געלער און אַ שוואַרצער.

— אויב מיר האָבן נישט קיין טעות, — זאָגט דער געלער ייד, — זענט איר דאָס דער אַמעריקאַנער פילאַנטראָפּ און גרויסער יידן־פריינט, וואָס מיר האָבן געלייענט אויפן בלאַט, וואָס איר ווילט העלפן דעם יידנטום? זענען מיר געקומען צו אייך. מיר זענען פון דער חברה „לינת־הצדק השניה". איך בין טאַקע דער פרעזעס. דערקענט איר מיך? איך בין דאָך יחיאל דער אונטער־שמש פון טריסק. און איך

געדענק איך גוט! הערשל חנה־דבורהס. געדענקט איר, ווי איר פלעגט גנבענען ליכט אין בית־המדרש און איך פלעג אייך פאטשן? כע, כע, כע!... איצט, זאגט מען, זענט איר אן עושר... האב איך געזאגט אָט צו דעם שותּף מײַנעם מאיר זעליג, דעם וויצע־פּרעזי־דענט פון אונזער חברה: ווער ווייסט נאך זען, וואס פאר א נדבה ער וועט אונז געבן, וואס פאר אן אפּותיקא מיר וועלן ביי אים יעצט כאפּן. וואס הייסט, א בן־עיר! און געלט דארפן מיר האבן. אַי, געלט! עס פעלן אונז אינסטרומענטן, קלייזמעס...

— באנקעס! — כאפּט־אונטער דער שווארצער.

— טערמאמעטערס.

— און פענכערס! פענכערס! — פאַרריכט דער שווארצער.

— הכּלל, ווען דו גיסט אונז א הונדערט דאלאר, שטעלסטו אונז אויף די פיס און דו קויפסט זיך עולם־הבא. און מיר הענגען־אויף דעם פּאָרטרעט אין קאנצעלאריע.

— אויפן סאמע אויבן־אָן.

— און אויפן פייפער וועט זיין געדרוקט? — פרעגט דער אמע־ריקאנער.

— וואס הייסט „פייפער"?

— אויפן גאזעט, אויפן צייטונג, — ענטפערט דער אמעריקאנער.

— אלץ הייסט געדרוקט! איך בין מיטן רעדאקטאר קנעפל שבקנעפל.

הארי שרייבט אויס א טשעק אויף 100 דאלאר און גיט־איבער די יידן.

---

די יידן גייען ארויס. אין טיר באווייזט זיך א דיקער בייכי־קער ייד אין א ברייטן פארפעצטן סורדוט אויף צוויי רייען ביינערנע קנעפּ; נאך אים — א דיקע יידענע; נאך דער יידענע — אן אלטע, שטארק־אָנגעשמינקעוועטע מויד, און נאך דער מויד — א געזונטער יונגערמאַן אין א וויזיטקע מיט ברוינע טאַשמעס, ווייסע הויזן, א קאפּעליוש אויף א זייט, פון וועלכער עס קוקט ארויס א טשופרינקע.

פון דער אויבערשטער קעשענע קוקט ארויס א גרויס ווייס ביינער־קעמל.

דער דיקער ייד ווענדט זיך צו זיין ווייב מיט א גרויסער גדולה:

דערקענסט אים ? ! דאס איז דאך ער ! ער, הערשל חנה־דבורהס, אן אפגעשינדענער ! אבער גלייך, ווי מיר האבן דיך דערזען אויפן בלאט, האב איך געזאגט : דאס איז ער !... איז וואס־זשע מאכסטו, הערשל ? גיב אהער די פיסקעס ! !

— דערקענסטו מיך נישט ? — לייזער דער מוהל פון טריסק. איך בין דאך געווען דיין מוהל... היינט בין איך מוהל אין ווארשע... אבער וואס איז די פעולה ? קיין פרנסה איז נישטא ! מען קינדעלט היינט נישט, נישטא קיין בריתן, נישטא אפילו קיין רעכטע סעודות־מצוה... במילא איז קיין פרנסה אויך נישטא, איז ביטער... עך, מא ! יא, זי דערקענסטו ? חאס איז דאך מיין טרייגע. געדענקסט ?

— ווי זאל ער אונז דערקענען, — זאגט די יידענע, — אז מען איז אזוי פארשווארצט און פארחושכט, און פארביטערט און פארברינט, און פארגעלט, און — —

— און דאס איז מיין טאכטער, און דאס איז איר חתן, — האלט דער ייד ווייטער אין פארשטעלן, — א פריזירער איז ער. א וואוילער יונגערמאן, אן ארטיסט אין זיין פאך. נאר וואס דען ? אן עקשן, האט זיך איינגעשפארט, מען זאל אים געבן דעם נדן קודם חתונה. ער זאל זיך קאנען פארלעגן א פריזיר־אנשטאלט. נו, אז מען וויל, איז ער אויך גערעכט. אבער וואו נעמט מען ? האב איך געטראכט: מאין יבוא עזרי ? ערשט, דער אויבערשטער שיקט־צו די מכה צו דער רפואה : האבן מיר א קרוב פון אמעריקע, א לייבלעכן שני־בשלישי. וואס הייסט הערשל, דארף ער יעצט אנקומען

— א שני־בשני, — פאריכט דאס ווייב.

— און איך זאג א שני־בשלישי, — שפארט זיך דער דיקער ייד, — וואָרום ווײַבאלד זיין באבעס שוואגער איז געווען אונזער פעטער ירחמיאלס א קוזין, קומט דאך אויס...

— וואס פלוידערסטו ! — שלאגט אים איבער דאס ווייב, — דיין שוואגערס ברודער לייבע איז דאך געווען אן עלטער־פעטער פון זיין

מחותן שמואל־זעליג, און דער מחותן שמואל־זעליג... איז דאך גע־וועז א גליד־גליד־שוועסטער־מומע...

— אבער למאי נפקא־מינה? — מישט זיך אריין דער חתן־בחור. — מען איז דאך געקומען אהער עפעס וועגן אן עסק.

— יא, איז דאס, זאג איך, — זאגט ווייטער דער דיקער ייד, — ווען דו קאנסט אונז ארויסהעלפן מיט 300 דאלאר, ראטעווסטו אונז, וועסט זיין אונזער פראפעסאר, דו וועסט מיר כהרף־עין ארויפנעמען א הארב פון די פלייצעס...

— אלץ הייסט א הארב! א הויקער, א בארג משא א... א.

דער אמעריקאנער פארטראכט זיך, זיין שטודירן דאס יידנ־טום קאסט אים אביסל צו־טייער. ער קען נאך, חלילה, קומען אן א שיפס־קארטע אויף צוריק. ער זעט אבער, אז ער וועט זיך נישט אויסדרייען, נעמט ער ארויס דאס טשעק־ביכל און שרייבט אויס א טשעק אויף 300 דאלאר.

די פאמיליע צולאזט זיך אין דאנקען. דער מוהל איז זייער באגייסטערט און מיט גרויס אנטציקונג זאגט ער:

— ווייסט וואס, הערשל? לאמיר גאר היינט עסן צוזאמען מיטאג! האבן מיר דא א רעסטאראן! א בחיר! דאס טייערע שטיקל געזונט, מיט דעם לעבערל, מיט דעם יאיכל, מיט דעם שטיקעלע פיש! צאצא, זאג איך דיר! איך לויף טאקע גלייך באשטעלן. וויפיל? אויף 5 פערזאן, הא? וועלן מיר טאקע דארט כאפן דעם אמתן שמועס און מיר וועלן שוין גוט אויסרעכענען אונזער קרובהשאפט! זייער כ אי צו וויסן, צי ביזטו א שני־בשני, אדער א שלישי־בשלישי... טאקע א גליד־גליד־שוועסטער־מומע... נו, זיי מיר געזונט! — קומט, חברה, קומטס!

די כאלאסטרע גייט ארויס. אונזער אמעריקאנער, אויס מורא פאר פרישע געסט, לאזט זיך לויפן אויף דער גאס.

---

נאכהער, ווי הארי האט איינגעצאלט פאר דעם גרויסן יום־טוב־דיקן מיטאג פון 5 פערזאן, און נאכדעם ווי עס איז פעסטגעשטעלט

געוואָרן ביים מיטאָג, אַז דער מוהל איז אים אַ שני בשני און נישט אַ שלישי־בשלישי, איז ער געקומען אין האָטעל צו כאַפּן אַ דרימל.

נאָר אין האָטעל האָט אים דער פּאָרטיער געמאָלדן, אַז עס זענען דאָ געווען 7 יידן, 2 רבנים, 8 יידענעס, 6 שרייבער, 14 יונגעלייט. 14 מאָל האָט מען געקלונגען דורכן טעלעפאָן... האָט האַרי געכאַפּט די זאַכן און איז אַריבערגעפאָרן אין אַן אַנדער האָטעל, „האָטעל אַמסטערדאַם", אויף פּראַגע.

אויף צומאָרגנס, ווען האַרי איז נאָך געלעגן אין בעט און געשלאָפן, האָט ווידער עמיצער אָנגעקלאַפּט אין טיר.

עס איז אַריינגעקומען דאָס נעבעכיקע לאַטעריי־יידל, שלעפנדיק אַ צווייט יידל בײַ דער האַנט.

— קום, קום, שלמה! אַן איינענער מענש, נישטאָ וואָס צו שעמען זיך... דו שלאָפסט נאָך, אַ, הערשל? און איך בין שוין היינט דריי שעה אויף די פיס. דריי שעה, אַז מיר זוכן דיך אַרום איבער די האָטעלן! אָבער מיר האָבן דיך געפונען, און דאָס איז מיינער אַ ידיד, שלמה. איך האָב אים געבראַכט אַהער, ער זאָל אָנקוקן, ווי דו שלאָפסט אין דיין בגד. ווי הייסט עס? פּיזשאַמע? געפעלט דיר עפּעס? אמתער זייד... דערקענסטו אים, דעם שלמה. שלמה רעזאַיקע, אַ כבד־פּה נעבעך. געווען אַמאָל אַ בייגל־בעקער אין טריסק. און דו, שלמה?

— אַ שאלה, צי דערקען איך, העהעהערשלען? קאַרג האָט ער בײַ מיר געגנבעט בייגל, און קאַרג סטוסאַקעס און בוכצעס האָט ער פון מיר אַ־אַ־אַריינגעכאַפּט? האַ, האַ!...

— און וואָס טוט איר יעצט אין וואַרשע? — פרעגט דער אַמעריקאַנער, כדי צו דערגענצן זיין אויספאָרשונג וועגן פּוילישן יידנטום. — מאַכט איר אַ לעבן? זענט איר גליקלעך מיט אייער שיקזאַל?

— ש־שייך זאָגן גליקלעך... מען איז אויף צרות, איז מען...

— רעד שוין גאָרנישט, הערשל! — מישט זיך אַריין דאָס לאָטעריי־יידל, — צרות, צרות.. עס איז אויף אים נעבעך אַ ביטערער צער.. עס הייסט צו זאָגן: ער ליגט אין דר׳ערד און באַקט בייגל. אָט, ווען דו קאָנסט אים אַרויסהעלפן מיט אַ פופציק דאָלאַר, ער זאָל

קאָנען עפּענען אַ סטראַגאַן פֿון בייגל אויפֿן באַזאַר, וואָלט ער געקומען צו די כּוחות... אַ יאָ, שלמה?

— נו יאָ, — ענטפֿערט שלמה שעמעוודיק.

דער אַמעריקאַנער מאַכט אַ גרימאַסע, ווי ער וואָלט אויסגעזופּט אַ טעלער זויערס, שרייבט־אויס אַ טשעק אויף 50 דאָלאַר און דערלאַנגט דעם ייִדן. דער ייִד ווערט אַזש בלאַס פֿאַר איבערראַשונג. דאָס לאָטעריי־ייִדל נעמט באַטראַכטן די חפֿצים פֿון צימער. דערטאַפּט דעם אַמעריקאַנערס רייזע־היטל.

— זעסטו, שלמה, פֿאַר דיר וואָלט געפּאַסט אָט דאָסדאָזיקע היטל. לאָז־איבער דיין קליין חסידיש היטעלע און טו־אָן אָט דאָס היטל. חוץ ביזט דאָך נישט קיין חסיד, ווי איך. אָך, עס קליידט דיר אויסגעצייכנט! און כּדי איך זאָל דיך נישט פֿאַרשעמען, הערשל, וועל איך ביי דיר אָוועקנעמען די שיך. וואַזשנע שיך! איך האָב ליב די אַמעריקאַנער שיך צוליב זייער רחבֿות. מיינע שיך זענען שוין, ברוך השם, זייער חרובֿ, אָפּגעטראָגן. וואָס איז דער חידוש? אַזוי פֿיל לויפֿט מען זיך־אָן, ביז מען פֿאַרקויפֿט אַ לאָטעריי־צעטל; עך־עך־עך!

ער נעמט אַראָפּ זיינע אַלטע שיך און נעמט אָנטון דעם אַמעריקאַנערס שיך.

— אפֿשר האָסטו שוין פֿאַר איין וועגס אַ פּאָר סקאַרפּעטן: אַז זיין — זאָל שוין זיין מיט אַלעמען... אָט אַזוי... אַ, אַ מחיה! אַזאַ רחבֿות. אַזאַ גן־עדן... ווייסטו, וואָס איך וועל דיר זאָגן, הערשל? לאָמיר גאָר גיין היינט אין אַ באָד. מיר זאַלבעדריט וועלן מיר זיך אַריינכאַפּן אין דעם שוויץ־בעדל אויף מוראַנאָוו. הערסטו, אַ בעדל! וועט מיר גוטס גינען! וועסט זיך מחיה זיין. איך בין מסופּק, צי האָסטו אין אַמעריקע אַזאַ באָד. די אמתע פֿאַרע מיט דעם אמתן בעזימל! אָט פֿאָלג מיך. גייסט? וועל איך דיר דאָס דאָרט אַריינצימבלען! נאָך בעסער ווי אַמאָל אין חדר... אַי, האָב איך אים דאָס נעקאַטעוועט!... הערהע, נו?

— אָלרייט! — ענטפֿערט האַרי, ווי אַ פֿאַרמשפּטער, און ער טראַכט: „נו יאָ מען דאַרף שטודירן דאָס ייִדנטום פֿון אַלע זייטן. כּדאַי צו זען דאָס פֿאָלק אין באָד“...

— נאָר וואָס דען, וועש. . ווייסטו, וואָס איך וועל דיר זאָגן?—

זאָגט ווייטער דאָס לאָטעריי־יידל. — ווערסט אונז געבן אביסל פון דיינע וועש, וואו האָסטו דיינע וועש?

און נאָך איידער דער אַמעריקאַנער ענטפערט, ליגן שוין ביידע ייִדן אין טראַנק און מען מאַכט זיך צורעכט אביסל וועש.

איצט דאַרף מען גיין. פרעגט זיך: ווי זאָל דער אַמעריקאַנער גיין, אַז דאָס היטל האָט צוגענומען דער בייגל־בעקער און זיינע שיך — דאָס לאָטעריי־יידל! איז מען דאָך אָבער אַ ייִדן־פריינט, און אַלס אַמעריקאַנער מעג מען האָבן עטלעכע אויסטערלישע איינהריקן: טוט ער אָן דאָס חסידישע היטעלע פון דעם בייגל־בעקער און די אַל־טע שיך פון לאָטעריי־יידל און מען גייט אין באָד.

---

אויסגעצנדריק די מינוט, ווען די ביידע ייִדעלעך זענען געלעגן אויף דער אויבערשטער באַנק אין האָבן זיך געקוויקט מיט דער ליבער היץ און זיך געבעזעמט מיט גרויס תענוג, — האָט זיך אונזער אַמע־ריקאַנער גיך אָנגעטון און אַרויסגעלאָפן אויף דער גאַס, זיך געלאָזט אין רעדאַקציע פון דער „געלער וואַראַקאַטשקע".

אַריינגעלאָפן צום רעדאַקטאָר אין צימער און צוגעפאַלן מיט קולות:

— מיסטער רעדאַקטאָר! די חנע זאָלט איר אָפּדרוקן אַ נאָטיס, אַז איך, האַרי זילבערמאַן, דער קלאָקמייקער מאַנופעקטשורער, ער־קלער, אַז איך בין קיינמאָל נישט געקומען קיין יוראָפּ, און אַז איך בין נישט אין וואַרשע. אוים! איך בין נישטאָ!... איר הערט? נישטאָ! און מיין פאָרטרעט איז נישטאָ... דאָס בין איך — נישט איך!... און אַז איך בין קיינמאָל נישט אין וואַרשע נישט געווען, און וואָרין נישט אין קיין האָטעל.. און וויפיל קאָסט עס? 25 דאָלאַר? אָל־רייט! אָט האָט איר! אָבער דרוקט עס! און טאַקע גלייך! האַרי אַפּ! גוד באַי!

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט דער אַמעריקאַנער האַרי זילבערמאַן געשוועגט זיך אויף אַן אָקסן־שיף, וואָס האָט אים געפירט צוריק קיין אַמעריקע.

# מײַנע ליטעראַרישע גליקן

## (אַ מין האָרץ-אויסגיסעניש)

די וועלט האָט מיך פאַרווײַגט פאַר אַ גביר.

מילא, וואָלט עס נישט געווען אַזוי שלעכט: אַדרבא, זאָל די וועלט גלויבן, אַז איך בין אַן עושר. וועל איך האָבן אי כבוד, אי קרעדיט און אַנדערע גבירישע כיבודים...

איז דווקא דאָס נישט. אַלא וואָס־דען־זשע? — גמילת־חסדים מאָנט מען; הלוואות בעט מען; קאָלעקטאָרס שלאָגן מיר אָפּ די שוועלן; שטײַער־מאָנער, נדבה־קלײַבער, צדקה־זאַמלער — ווער עס האָט גאָט אין האַרצן, שטרעקט־אויס אַ האַנט.

— ס'טײַטש! איר זענט דאָך, קײַן עין־הרע, אַ שרײַבער אַ גביר־אדיר. איר חרובט זיך דאָך אויף דער גאַנצער וועלט!

— הייסט דאָס איבערחזרן. וואָס יעדע צײַטונג דרוקט איך איבער...

— און אַלע צאָלן דאָך מסתמא די פעטע אַפּותיקא...

— און מען שיקט און מען שיקט, מען נעמט זיך גאָרנישט אָן קײַן הענט צו שיקן...

— עס גייט אײַך, קײַן עין־הרע, פון טיר־און־טויער.

— איר שאַרט געלט מיט דער לאָפּעטע, האַ?

— עס פרעגט זיך נאָר, וואָס טוט איר מיט אַזוי פיל געלט, וואָס טוט איר?

פאַרדריסט עס מיך:

— גיי דערצייל זיי, אַז פון די אַלע איבערחזרקעכצן פאַלט מיר נישט אַרײַן קײַן פרוטה. בלויז האָרצווייטאָק און פאַרדרוס האָב איך... ווער איך שוין אין כעס. הלמאי זאָל דאָס טאַקע אַזוי זײַן? וואָס

איז דאָס פאַר אַן איבערדרוקן אַן געצאָלט? עס איז דאָך אַ פּשוטער גראַביעזש, אַ רציחה אינמיטן העלן טאָג!

הויב איך אָן צו זוכן תחבולות. נעם איך און שרייב־אָן אויף מיין ערשטן אַרטיקל, אויפן אָריגינאַל, הייסט עס, דאָס וואָרט „ספּע־ציעל" — „ספּעציעל געשריבן פאַר..." (און דאָ קומט דער נאָמען פון מיין צייטונג).

נעמען זיי, די אַלע צייטונגען, די איבערדרוקער, און דרוקן־אי־בער מיין אַרטיקל צוזאַמען מיט דעם „ספּעציעל געשריבן פאַר"... (און דאָ קומט דער נאָמען פון יעדער צייטונג באַזונדער). עס זאָל הייסן, אַז פאַר יעדער צייטונג באַזונדער שרייב איך „ספּעציעל".

זע איך, אַז האָסדראַזיקע באַוואָרעניש העלפט נישט, שרייב איך שוין צו איבער מיין אַרטיקל אַ נייעם „שם המפורש" — „נאָכדרוק פאַרבאָטן".

נעמען זיי, די אַלע צייטונגען, און דרוקן־איבער דאָס אַרטיקל צוזאַמען מיט דעם „נאָכדרוק פאַרבאָטן".

שרייב איך שוין צו אַ דריט מאָל די האַרבע וואָרנונג: „די אי־בערדרוקער וועלן ווערן צוגעצויגן צו געריכטלעכער פאַראַנטוואָרט־לעכקייט".

וואָס־זשע טוען זיי? — נעמען זיי און דרוקן־איבער מיין נייעם אַרטיקל מיט דער נייער וואָרנונג: „די איבערדרוקער וועלן ווערן צו־געצויגן צו געריכטלעכער פאַראַנטוואָרטלעכקייט."

היינט גיי, טו, מאַך עפּעס!...

, זע איך, אַז איך קאָן דאָ פון די באַנדיטן נישט אַרויסקריכן.

זעץ איך זיך אַוועק אויף אַ גאַנצן טאָג ביי מיין שרייב־טיש און נעם אַ פּאַק פּאַפּיר און שרייב־אָן אַ פּעקל בריוו מיט פאָלגנדיקן נוסח:

„חשובע רעדאַקציע!

הנה זייט וויסן, אַז איר באַגייט געגן מיר אַ גרויסע עולה. שוין אַ לענגערע צייט, אַז איר האַלט סיסטעמאַטיש אין איין איבערדרוקן מיינע אַרטיקלען, נישט־געפינענדיק פאַר קיין חוב מיר צוצושיקן דער־פאַר כאָטש אַ פּאָר גראָשן האָנאָראַריום. גוואַלט, וויי־געשריען, וואו איז דאָס יושר און וואו איז מענשלעכקייט און וואו איז געוויסן?..

וואס איז דאס עפעס? איז דען מיין פראצע און מיין בלוטיגע הארע־וואניע הפקר־פיעטרישקע? זאל אימיצער ביי אייך פרווון גנבענען אייערן א חפץ, אדער אויסנוצן אייער הארעוואניע פאר זיינע צוועקן, וועט איר דאך מאכן גוואלטן, איינלעגן וועלטן. און דא נעמט איר אן חרפה און אן בושה, און באגנבעט מיך אויפן געמיינסטן ציניש אופן, און גארנישט! מיין רעדאקציע, וואו איך ארבעט פאר געצאלט, האט צו מיר טענות גאנצע:

אט זעט, זאגן זיי מיר, אט די ארטיקלען, פאר וועלכע מיר צאלן אייך געלט, ווערן איבערגעדרוקט פראנק־און־פריי אומעטום אן געלט. טא פארוואס זאלן מיר דווקא דערפאר צאלן? אמער שרייבט אייך ערגעץ־אנדערש פאר געלט און מיר וועלן אייך איבערדרוקן אן געלט.

„אלזא, איך בין אייך מוסר מודעה, אז מהיום והלאה זאל דאס נישט מער געטון ווערן. און איך פארבאט אייך קאטעגאריש איבער־צודרוקן מיינע ארטיקלען אן מיין וויסן און אן א פארשטענדיקונג מיט מיר. ווארום איך קאן שוין דאס מער נישט הולדן. עס גייט שוין אריבער אלע גרעניצן פון אנשטענדיקייט. עס איז א גרויסע אומפאר־שעמטקייט און א גזלוואניע פון אייער זייט...

„האפנדיג, אז מיין איצטיגע גערעכטע ווענדונג וועט געפינען אן אפקלאנג אין אייער געוויסן, פארבלייב איך" א. א. וו.

דעמראזיקן בריוו האב איך געלאזן שרייבן אין א פאר טוץ קאפיעס, אריינגעלעגט אין קאנווערטן, אנגעקלעפט פאר עטלעכע צענדליג גילדן פאסטמארקן און צושיקט אין אלע רעדאקציעס, אין ארגענטינע, בראזילען, ווילנע, ריגע, בעלגיען, ראוונע, לאדזש, אוי־סטראליען, בענדין, אפריקע, ביאליסטאק, קאנאדע, קעשענעוו, קאוונע, זאגלעמבע... און נאך און נאך מקומות.

אויף די אלע בריוו זענען בלויז פיר רעדאקציעס געווען אזוי פריינטלעך און מזכה געווען מיך מיט תשובות.

אט זענען זיי:

## אנטווארט נומער 1

פון א לאדזשער צייטונג:

„עי, דו, לאכודרע! פאנוואנען און פון־ווען־אן ביזטו דאס גע־וואָרן אזא קנאקער, אז מען טאר דיך נישט איבערדרוקן? עס דארף

פאַר דיר זיין אַ כבוד, אַז מיר דרוקן דיך איבער... נישט איבערדרוקן גאָר! שיין וועלן מיר אויסזען מיט אונזער צייטונג, אַז מיר וועלן נישט אַרבעטן מיט דער שער און נישט איבערדרוקן קיין אומזיסטע סחורה! זיי־זשע נישט קיין מנוול און מאַך נישט קיין אָנשטעל. מיר האָבן דיך אין די טשוועקעס, און אַ גוטן טאָג מיט דער קאַפּאָטע! אידיאָט!

„מיט ליטעראַרישן גרוס און גרויס אַכטונג,

„די רעדאַקציע".

## אַנטוואָרט נומער 2

פון ריגע האָב איך באַקומען אַזאַ תשובה:

„חשובער ליטעראַט:

„עס וואונדערט אונז זייער אויף אייער אומעטישן חוצפּהדיק בריוו, צו פאָדערן פון אונז, אַז מיר זאָלן אייך נישט איבערדרוקן אָן געצאָלט. פון־ווען־אָן איז דאָס געוואָרן אַ געזעץ, אַז מען טאָר נישט איבערדרוקן קיין פרעמדע אַרטיקלען אָן געלט? וואו איז דאָס געהערט געוואָרן? כ'לעבן, וואָס מען זאָגט אויף די שרייבער, זענען זיי ווערט. אַזאַ אומפאַרשעמטקייט, אַזאַ חוצפּה!

„און מיר האָבן אייך געהאַלטן פאַר אַ לייטישן מענשן. איצט, אַז מיר זעען, אַז איר זענט גאָר קיין מענש נישט, וועלן מיר זיך מיט אייך נישט רעכענען און מיר וועלן אייך ווייטער איבערדרוקן, וויפיל עס וועט זיך נאָר לאָזן, און לאָדט אונז צום „ונתנה תוקף"!...

„מיט גרויס האָכאַכטונג און חרך־ארץ,

„די רעדאַקציע".

## אַנטוואָרט נומער 3

אַן אַרגענטינער צייטונג האָט מיר אַזוי געענטפערט:

„ווערטער שרייבער:

„אייער משונה־מאָדנעם בריוו מיט דער משונה־ווילדער, לעפיש־נאַרישער פאָדערונג האָבן מיר דערהאַלטן. איר בעט ביי אונז געצאָלט פאַרן איבערדרוקן אייערע אַרטיקלען. אַרנו, זייט אַ בריה און ווייזט אונז, אַ שטייגער, וועלכער שרייבער עס קריגט ביי אונז יאָ

געצאָלט פאַרן אָפּדרוקן זיינע אַרטיקלען? אויב איר וועט אונז אַזאַ איינעם געפינען, וועלן מיר אייך אויך צאָלן, און נאָך געבן אַ פּרעמיע. מיר, פון אונזער זייט, זענען אייך ערוב, אַז איר וועט אַזאַ איינעם נישט געפינען, ווען אפילו איר זאָלט זוכן מיט טויזנט ליכט. אין דעריבער איז פון אייער זייט אַן עוולה צו וועלן זיין אַ יוצא־מן־הכלל. פע, נישט שיין! שלאָגט זיך אַרויס פון קאָפּ אייערע שטותערייען מיטן געצאָלט־שמאָלט... איר זענט דאָך עפּעס, דאַכט זיך, אַ מענש נישט קיין טיפּש... הגם אייער לעצטער בריוו ווייזט פּונקט דעם היפּוך.

„מיט ליב־און־לעבן אייער איבערגעגעבענע
„רעדאַקציע"

## אַנטוואָרט נומער 4

פון אַ ווילנער צייטונג:

„טייערער חבר:

„אייער פאָדערונג איז — אַ פאָדערונג, אָבער בלויז פאָרמעל. אין פּרינציפּ, אָבער, זענען מיר מיט אייך נישט מסכּים; וואָרום פון וואַנען זאָלן מיר נעמען צו צאָלן פאַר איבערגעדרוקטע אַרטיקלען? גיי וויים, פאַר וואָס פריער צו צאָלן: צי פאַר פּאַפּיר, צי פאַר אַרטיקלען, צי דירה־געלט?... מיר דענקען, אַז צאָלן פאַר פּאַפּיר איז בילכער און דער זעצער איז אויך בילכער, און דירה־געלט איז אויך בילכער — און אייך וועט דער רוח נישט כאַפּן..

„כ'לעבן, עס וואָלט געווען אַ יושר, אַז איר זאָלט אונז פון צייט צו צייט צושיקן אייערס אַן אָריגינעל אַרטיקל, קיין האָנאָראַריום צאָלן מיר נישט פּרינציפּיעל. אפשר האָט איר אייערע פּרינציפּן; מיר האָבן אונזערע פּרינציפּן. יעדער האָט זיך זיין פּרינציפּ.

„מיט גרויס פּרינציפּיעלישקייט און גרוס" א. אַ. וו.

דערזען, אַז מיט פּריוואַטע קאָרעספּאָנדענצן וועל איך גאָרנישט מאַכן, האָב איך באַשלאָסן צו אַפּעלירן צו דער עפנטלעכקייט. איך האָב גענומען מיין בריוו און איבערגעדרוקט עס אין אַ צייטונג אונטער פיר קעפּלעך, צוויי־שפּאַלטיקע: „אַ בריוו אין רעדאַקציע", „ליטעראַרישע הפקרות", „צום שאַנד־

ס ל ו פ", אָדער „כאַפּט אַ ג נ ב". און דאָ האָב איך געמיינט, אַז עס וועט זיין אַ סוף צו די דאָזיקע הפקרישע מעשים...

וואָס־זשע איז געווען דער סוף?

אין אַ וואָך אַרום איז אויך דער דאָזיקער בריוו געווען איבער־געדרוקט אין די זעלביקע צייטונגען, וואָס האַלטן מיך אין איין באַגנבע־נען. איבערגעדרוקט מיט הכל בכל מכל כל, מיט דעם טעקסט, מיט די אונטער־קעפּ, זאָל עס פעלן אַ פּינטל.

איצט איז מיר געבליבן בלויז אָנצושרייבן דעמדאָזיקן פעליעטאָן.

נאָר וואָס איז די פּעולה? אַז איך בין זיכער, אַז די חברה באַנ־דיטן־איבערדרוקער וועלן אויך דעמדאָזיקן פעליעטאָן איבערדרוקן און צוזאַמען מאַקע מיט דער לעצטער הערה: „אַז איך בין זיכער, אַז די חברה באַנדיטן־איבערדרוקער וועלן אויך דעמדאָזיקן פעליע־טאָן איבערדרוקן".

און אַט די גאָר לעצטע שורה מיינע וועט מען אויך איבערדרוקן.

און אַט די שורה, אַז „די גאָר לעצטע שורה מיינע וועט מען אויך איבערדרוקן" — וועט מען אויך איבערדרוקן.

אַלץ וועט מען איבערדרוקן.

ס'איז נישטאָ קיין סגולה און קיין תרופה.

אַ פּאָהיבעל אויף זיי!

---